פעליקס סאַלטען

# באַמבי

## וואַלד־מעשהלע

ייִדיש: ל. האָדעס

פאָרווערטער

פון שלום אַש און דזשאָן גאָלסוואָרטי

פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע

# א קליין פאָרוואָרט צו פעליקס סאַלטענס „באמבי".

איך בין מקנא די קינדער, וואָס וועלן דאָס בוך פון קליינעם „באמבי" לעזן אין זייער קינדהייט. און איך באַדויער זיך, אַז ווען כ'בין אַ יינגל געווען, האָב איך נישט געהאַט אַזעלכע ביכער, וואָס זאָלן דער־פרייען מיינע קינדער־יאָרן.

פעליקס סאַלטען איז אַ באַרימטער יידיש-עסטרייכישער שרייבער, אַ דראַמאַטורג און איינער פון די בעסטע עסעיסטן, וואָס דאָס רייכע אין טאַלאַנטן עסטרייך האָט אַרויסגעגעבן.

ער האָט פאַר עטלעכע יאָר אָנגעשריבן דאָסדאָזיקע בוך פון לעבן פון די חיות אין וואַלד, און ס'איז באַלד געוואָרן באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט. עס איז געוואָרן איבערגעזעצט און פאַרשפּרייט אין די צענדליקער טויזנטער אין אַלע אייראָפּעישע שפּראַכן. אין דער דייטשער, און נאָכמער אין דער ענגלישער שפּראַך, האָט דאָסדאָזיקע בוך דערגרייכט צו אַ פאָלקס-פּאָפּולאַריטעט.

דער באַרימטער ענגלישער שרייבער דזשאָן גאַלסוואָרטי רופט עס „אַ קליין מייסטערווערק" — און אַזוי איז עס אויך. אַ מייסטערווערק שווער דערפאַר, וואָס דאָסדאָזיקע בוך פון לעבן פון די חיות איז איינס פון די מענטשלעכסטע, באַרעמהאַרציקסטע ביכער, וואָס מיר פאַרמאָגן אויף דעם געביט.

מיר, מענטשן, באַזיצן אַן אינסטינקט, דורך וועלכן מיר קאָנען נאָר דורך אים אַליין אַריינדרינגען אין די טיפסטע פאַרבאָרגענישן פון פרעמדע באַשעפענישן, און דורך דעמדאָזיקן אינסטינקט זיי אונדז אויפקלערן, נאָנט מאַכן און זיי פאַרשטיין. דאָס איז אונדזער מענטשלעכס.

אפשר אין דער ווירקלעכקייט פאַרמאָגט „באמבי", דער איידעלער זון פון וואַלד, גאָר אַנדערע אינסטינקטן און נעמט אויף גאַנץ אַנדערש די עמפּפינדונגען פון לעבן, אויף זיין אייגענעם, וואַלדיש-חיהשן שטייגער. זיין וואַלדיש-חיהשער אינסטינקט איז פאַר אונדז אַ פאַרשלאָסן בוך און וועט אונדז שטענדיק זיין פרעמד און אומפאַרשטענדלעך.

פעליקס סאַלטען האָט אים אונדז אָבער נאָנט געמאַכט, פאַרשטענד־לעך און באַליבט דורך דעם, וואָס ער האָט אים באַשאָנקען מיט דעם דייכסטן, וואָס ער פאַרמאָגט — מיט זיין מענטשלעך געפיל.

אזוי האָט געמון רעמכראַנדט מיט די געטער און פּאַטריאַרכן. ער האָט די געטער אַראָפּגענידערט פון דעם „פּאַרנאַס", די פּאַטריאַרכן האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון מדבר און אַריינגעבראַכט זיי אין דער „יידן-גאַס" פון אַמסטערדאַם. זיינע געטער זענען קיין געטער נישט, נאָר מענטשן. זיינע פּאַטריאַרכן זענען היימישע יידן. דורך דעם פילן מיר זיי און קאָנען זיי פאַרשטיין. און מיר ליבן זיי.

דאָסזעלבע האָט פעליקס סאַלטען געטון מיט „באַמבי". באַמבי איז אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון זיין חישקייט—אין אַ רירנדיקער מענטשלעכקייט. זיין קינדישע אומבאַהאָלפנקייט איז מענטשלעכע קינדישקייט. דורך דעם פאַרשטייען מיר אים, פילן מיר אים און ליבן. נישט אָבער באַמבי אליין ווערט פאַרשטענדלעך, נאָר דער גאַנצער וואַלד.

פעליקס סאַלטען האָט דורך זיין בוך אַריינגעלייגט אין די הענט פון די לעזער דעם אייביקן גרינעם וואַלד, דעם וואַלד מיט זיינע טיפע מיסטישע שיינקייטן. דער וואַלד רוישט דורך די בלעטער פון בוך מיט אייביקע פרילינג-ווינטן, מיט אַזאַ פרישקיט און אומבאַרירטער מיידלשקייט, ווי נאָר דער באַרימטער פראַנצויזישער מאָלער קורבע האָט עס געקאָנט אין זיינע בילדער פאַרייביקן: פון דער קליינער וואַלד-מויז, פון דעם האָז ביז צום שטאָלצן, סודותדיקן הירש. און דער וואַלד איז אונדזער נישט דער פון קיפּלינגן מיט זיינע שלאַנגען און טיגערס, נאָר דער היימישער, קליינשטאָטישער, אייביק אונדז צוציענדיקער, מיט די מיסטישע פאַרבאָרגענישן צווישן זיינע גרינע צווייגן... דערפאַר איז אונדז דאָס בוך אזוי טייער און ליב.

פאַר יעדער ליטעראַטור איז אַזאַ בוך אַ ברכה. פאַר אונדזער ליטעראַטור, ווו מיר זענען נאָך אזוי אָרים אין נאַטור-באַשרייבונג, האָט אַזאַ בוך גאָרנישט אָפּגעשאַצן וואָס פאַר אַ ווערט: פאַר אונדזער דערציונג, פאַר אונדזער ליבע און פאַרשטענדניש פאַר נאַטור.

איך האָף, אַז דער געטרייער איבערזעצער האָט גוט אין זינען געהאַט ביים איבערזעצן דעם שפּראַך-אוצר, מיט וועלכן דאָכדאָזיקע בוך איז באַשאָנקען געוואָרן פון זיין מחבר, אַז ער זאָל עס אויסנוצן פאַר אונדזער לשון.

פעליקס סאַלטען, אַלס געטרייער, מאָדערנער ייד, האָט געגאַרט צו זען זיין בוך איבערגעזעצט אין יידיש.

און איך גלויב, אַז דאָס איז די גרעסטע מתנה, וואָס דער מחבר האָט געקאָנט שענקען אונדזערע קינדער. ער האָט דעם וואַלד אַריינגעבראַכט אין זייערע שטאָטישע שטובן.

שלום אַש

# פאָרוואָרט

„באַמבי“ איז אַן אַנטציקנדיק בוך. עס וועט נישט נאָר קינדער אַנטציקן, נאָר אויך מענטשן, וואָס האָבן שוין מער נישט דאָס גליק צו זיין קינדער. איך ווייס נישט נאָך אַ דערציילונג פונם לעבן פון חיות, וואָס זאָל לויט זיין באַאָבאַכטישער עמפינדלעכקייט און אינערלעכער אמתדיקייט זיך קאָנען פאַרגלייכן מיט דער לעבנסגעשיכטע פון אינד באַמבי. פעליקס סאַלטען איז אַ דיכטער. ער פילט טיף די נאַטור, און האָט ליב די חיות. אין אַלגעמיין בין איך אַ קנאַפּער חסיד פון דעם, אַז מענטשלעכע ווערטער זאָלן אַריינגעלייגט ווערן אין מויל פון פאַרשטאַנדלאָזע באַשעפענישן; אָבער גראָד דאָס איז דאָס גרויסאַרטיקע אין דעמדאָזיקן בוך, וואָס דאָ שפּירט מען הינטער די ווערטער די אמתע געפילן און איבערלעבונגען פון די רעדעוודיקע בעלי-חיים. עס איז אַ קליין מייסטערווערק, קלאָר און פאַרביק, און ערטערווייז רירנדיק.

איך האָב עס געלייענט אין קאָרעקטור־אָפּצוגן אויפן וועג פון פאַריז קיין קאַלע, פאַר אַ נסיעה איבערן קאַנאַל. גלייך ווי איך פלעג פאַרענדיקן אַן אָפּצוג, פלעג איך דאָס איבערגעבן מיין פרוי, זי פלעגט איבערלייענען און איבערגעבן מיין פלימעניקס פרוי, און יענע פלעגט איבערלייענען און איבערגעבן עס מיין פלימעניק. אַזוי זענען מיר דריי שעה זאַלבעפערט געזעסן טיף פאַרזונקען אין לייענען. און ווער עס ווייס, וואָס עס באַדייט לייענען אַ בוך אין קאָרעקטור־אָפּצוגן און וואָס אַ קאַנאַלרייזע באַטייט, דער וועט מסכים זיין, אַז גאָר ווייניק ביכער וואָלטן אויסגעהאַלטן אַזאַ פּראָבע. בפרט וואָלט איך וועלן — דאָס בוך זאָל טרעפן צום האַרצן פון יעגערס.

דזשאָן גאָלסוואָרטי

ער איז געקומען אויף דער וועלט אין דער טיפער וואַלד־געדיכטעניש, אין איינער פון יענע קליינע, פאַרבאָרגענע וואַלד־הייזקעס, וואָס שטייען, דוכט זיך, הפקר־אָפן פון אַלע זייטן, און זענען דאָך באַשירמט און פאַרשטעלט פון אַלע זייטן.

עס איז דאָ געווען זייער ענג, קוים גענוג פּלאַץ פאַר אים מיט זיין מוטער.

אומזיכער איז ער איצט געשטאַנען דאָ אויף זיינע דינע פיס; דער קאָפּ איז ביי אים אַראָפּגעהאָנגען, זיינע טריבע אויגן האָבן טעמפּ געבליקט אין איין ריכטונג און גאָרנישט געזעען, ער האָט שטאַרק געציטערט, און איז נאָך געווען אינגאַנצן פאַרטויבט.

„ס'אַראַ שיין קינד!" האָט זיך דערהערט דער סאָראָקעס אויסרוף.

זי איז גראָד פאַרבייגעפלויגן, און עס האָבן זי צוגע־צויגן דער מוטערס פאַרשטיקטע קרעכצן. איצטער איז זי גע־זעסן אין שכנות אויף אַ צווייג. „ס'אַראַ שיין קינד!" האָט זי נישט אויפגעהערט צו באַוואונדערן. זי האָט קיין ענטפער נישט געקראָגן, און האָט ווייטער גערעדט. „וואונדערבאַר, ווי דאָס קאָן באַלד שטיין און גיין! ווי אינטערעסאַנט! דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן זע איך אַזוינס. יאָ, איך בין אפילו נאָך זייער יונג, ערשט אַ יאָר זינט איך בין פון נעסט אַרויס, איר ווייסט דאָך דאָס אוודאי. אָבער דאָס איז גאָר פלאי־פלאים. אָט אַזאַ עופהלע... קומט אָקאָרשט, די רגע, אויף דער וועלט, און קאָן גלייך שטיין אויף די פיס. דאָס איז גרויסאַרטיק. בכלל, געפין איך, איז ביי אייך, אינדן, אַלץ גרויסאַרטיק. און לויפן קאָן עס אויך שוין?.."

„געוויס", ענטפערט שטיל די מוטער. „אָבער איר מוזט

מיר מוחל זיין, איצטער בין איך נישט אימשטאַנד צו פירן געשפּרעכן, איך האָב אַזויפיל אַרבעט... און, אגב, פיל איך זיך נאָך אַביסעלע אָפּגעשוואַכט".

„ס'שאַדט נישט, שטערט אייך נישט", זאָגט די סאָראָקע, „איך האָב אויך נישט קיין סך צייט, אָבער עפּעס אַזעלכעס זעט מען דאָך נישט אַלע טאָג. איך בעט אייך זייער, זאָגט אַליין, וויפל דאגות און צרות מיר שטייען דאָס אויס ביי אַזעלכע אומשטענדן. ביי אונז די קינדער, — אַז זיי גייען פון איי אַרויס, — קאָנען זיי זיך נישט רירן, ליגן הילפלאָז אין נעסט, און מען מוז זיך אָפּגעבן מיט זיי, אַזוי זיך אָפּגעבן, זאָג איך אייך, אַז איר קאָנט זיך עס גאָר נישט אויסמאָלן. וויפל אַרבעט מען האָט זיי צו דערנערן, וויפל שרעק — זיי צו דערהיטן! זאָגט אַליין, כ'בעט אייך, וויפל כוחות מען פּאַטערט דאָס, ווען מען מוז איינצייטיק אי עסן באַזאָרגן פאַר די קינדער, אי אויפּפּאַסן, אַז מיט זיי זאָל גאָרנישט נישט געשען. אַליין קאָנען זיי זיך קיין עצה נישטן געבן, אויף קיין האָר נישט. זאָגט אַליין, בין איך נישט גערעכט? און ווי לאַנג מען דאַרף דאָס וואַרטן, ביז זיי קאָנען זיך באַוועגן, ווי לאַנג דאָס דויערט, ביז זיי קריגן פעדערן און באַקומען א לייטישערן אויסזען".

„זייט מיר מוחל", ענטפערט די מוטער, „איך האָב גאָרנישט געהערט".

די סאָראָקע איז אַוועקגעפלויגן. „א נאַרישע פּערזאָן!" האָט זי זיך געטראַכט, „חשוב, אָבער נאַריש".

די מוטער האָט דאָס כמעט ווי נישט באַמערקט. זי האָט קיין אויפהער געוואַשן איר נייגעבוירן קינד, געוואַשן מיט דער צונג, און ס'איז געווען, ווי זי וואָלט גלייכצייטיק אי גערייניקט דאָס קערפּערל, אי דערוואַרימט עס דורך מאַסאַזש, און אי עס געצערטלט און געפּיעשטשעט.

דאָס קליינע באַשעפעניש האָט זיך לייכט געשאָקלט. אונטער די צערטלעכקייטן און לייכטע שטויסן האָט עס זיך עטוואָס איינגעבויגן און געהאַלטן זיך שטיל. זיין רויטער,

אַביסל נאָך צעשויבערטער בגד, איז געווען פֿיין געשפּרענקלט מיט ווייסע פלעקן. אויף זיין קינדערש-תּמעוואַטן געזיכט איז נאָך געלעגן אַן אויסדרוק פון טיפן שלאָף.

פון אַלע זייטן אַרום איז געוואַקסן נוס-בוימלעך, האַר-טריגל, דערנערשטרויכן און יונגער האָליונדער. הויכע קליאָ-נען, בוקן און דעמבעס האָבן אויסגעבילדעט אַ גרינעם דאַך איבער דער וואַלד-געדיכטעניש. דער האַרטער, טונקל-ברוינער באָדן איז געווען פאַרוואָקסן מיט פעדערגראָזן, וואַלד-אַרבעס און שאַלפיי. גאַנץ נידעריק האָבן זיך געפלאָכטן בלעטער פון שוין אָפּגעבליטן פיילכל און פון יאַגדעס, וואָס האָבן ערשט גענומען בליען. דאָס ליכט פון דער פרימאָרגן-זון האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך די געדיכטע בלעטער און געשפּינט אויף זיי אַ גאָלדן געוועב. אין וואַלד האָבן געשאַלט כלערליי שטימען, און האָבן אים פאַרפלייצט מיט פריילעכן האַרמידער. דער גאָלדאַמזל האָט אָן אויפהער געיובלט, די טויבן האָבן געוואָרקעט, די דראָסלען האָבן געפּייפט, די פינקען געקנאַקט, די בלויפויגלען געטשירליקעט. אינמיטן דעם אַלעמען האָט קריגעריש זיך ארייַנגעריסן דאָס געשריי פונם אייכלראָב, דער טאָראָקעס שפּאָטישער געלעכטער, אָדער עס האָט אַ קנאַק געטון, ווי געפּלאַצטער מעטאַל, דאָס קוואָקען פון פאַזאַנען. פון צייט צו צייט האָט זיך דורך אַלע קולות אַדורכגעשניטן דאָס קורצע פרייד-געשריי פונם פּיקהאָלץ; איבער די בוימער-שפּיצן האָבן זיך געטראָגן הילכיק-גריילצנדיקע רופן פון די פאַלקן און נאָכאַנאַנד האָט זיך געהערט דער הייזעריקער כאָר פון די קראָעס.

דאָס קליינע באַשעפעניש האָט נישט פאַרשטאַנען קיין איינציקן פון די אַלע קלאַנגען און צורופן, קיין וואָרט נישט פון די געשפּרעכן. עס האָט דאָס אַלץ גאָר נישט געהערט. עס האָט אויך נישט פאַרנומען קיין איינעם פון די ריחות, וואָס דער וואַלד האָט אויסגעאָטעמט. עס האָט נאָר געהערט און געפילט דאָס שטילע שורשען אויף זיין פעל, פון דעם וואַשן, וואַרימען און קושן; עס האָט קיין שום זאַך נישט געשפּירט, אויסער דאָס נאָענטע לייב פון דער מוטער. פון

דעם דאָזיקן לייב האָט אויף אים געשטראָמט מיט ווילזעלי־
קייט, און עס האָט זיך געטוליעט און גענורעט אין דעם לייב,
הונגעריק ביי אים געזוכט און געפונען דעם קוואַל פון לעבן.

בעת דאָס קינד האָט געטרונקען, האָט די מוטער נישט
אויפגעהערט עס צו קושן. „באַמבי", האָט זי געשעפּטשעט.

דערביי פלעגט זי יעדע ווײַלע אויפהויבן דעם קאָפּ,
מאַכן עטלעכע שפּילעוודיקע באַוועגונגען מיט די אויערן און
אַריינציִען דעם ווינט.

דערנאָך פלעגט זי דאָס קינד ווידער קושן, באַרויִקט
און גליקלעך.

„באַמבי" האָט זי אַלץ געשעפּטשעט, „מיין קליינער
באַמבי!"

אַיצטער, אין פריזומער, זענען די בוימער שטיל געשטאַנען אונטערן בלויען הימל, אויסגעשפּרייט די אָרעמס, און געוואָקסן די שטראָמענדיקע קראַפט פון דער זון. דאָ און דאָרט, צווישן די געדיכטע קוסטעס, האָבן שימערירט ווייסע, רויטע אָדער געלע שטערן — די בליאונג פון פריזומער. אויף אייניקע פון זיי האָבן זיך שוין אָנגעזען פרוכט-קנאָפּסן אָן אַ צאָל; צאַרט און פעסט זענען זיי געזעסן אויף די שטענגלעך-שפּיצן, און אויסגעזען ווי קליינע געביילטע פויסטן. פון באָדן אַרויס האָבן געשפּראָצט די בונטע שטערן פון כלערליי בלומען, אַזוי אַז די ערד אינם פינצטערלעכן וואַלד האָט שטיל זיך געלויכטן פון פאַרבן-רייכקייט. אַלץ אַרום איז פול געווען מיט ריחות פון פרישע בלעטער, בלומען, פייכטער ערד און גרינעם האָלץ. ביים העלן אויפגאַנג פון דער מאָרגן-שיין און בעתן אונטערגאַנג פון דער זון האָבן דעם וואַלד פאַרהילכט טויזנטער שטימען, און פון אינדערפרי ביז ביינאַכט האָבן אין דער אַראָמאַט-פולער שטילקייט געזונגען בינען, געזשומט די וועספּן און געברויזט ערד-בינען.

דאָס זענען געווען יענע טעג, ווען באַמבי האָט איבערגעלעבט זיין ערשטע קינדהייט.

ער איז געגאַנגען הינטער זיין מוטער, מיט אַ שמאָלינקע סטעזשקעלע, וואָס האָט געפירט צווישן די קוסטעס. ס'אַראַ פאַרגעניגן ס'איז געווען דאָ צו גיין. די געדיכטע בלעטער האָבן אים צאַרט געגלעט די זייטן, לייכט זיך פונאַנדערגערוקט און געעפנט פאַר אים דעם וועג. עס האָט זיך אויסגעדוכט כסדר, אַז דער וועג איז צוגעפאַך פאַרשפּאַרט און פאַרלייגט, און דאָך איז מען געגאַנגען פאָרויס זייער באַקוועם. איבעראַל זענען געווען אַזעלכע גאַסן, וואָס האָבן דורכגעשניטן אין אַלע ריכטונגען דעם גאַנצן וואַלד. די מוטער האָט די אַלע גאַסן געקענט, און ווען באַמבי פלעגט בלייבן שטיין פאַר דער געדיכטעניש, ווי פאַר אַ נישט-דורכגענגלעכער גרינער מויער — פלעגט די מוטער תמיד, אָן שהיות און זוכענישן, באַלד געפינען דאָס אָרט, וווּ ער איז געגאַנגען אַוועק.

באַמבי האָט געהאַלטן אין איין פרעגן. ער האָט זייער ליב געהאַט שטעלן קשיות זיין מוטער. זיין בעסט פאַרגעניגן איז געווען כּסדר ווייטער פרעגן און אויסהערן דער מוטערס ענטפערס. באַמבי האָט זיך גאָר נישט געחידושט, וואָס כּסדר און אָן אויפהער דרייען זיך אים אין קאָפּ פראַגן. ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר פולשטענדיק נאַטירלעך. עס האָט אים, פאַרקערט, שטאַרק הנאה געטון. עס האָט אים אויך הנאה געטון צו וואַרטן נייגיריק אויפן ענטפער. וואָס פאַר אַן ענטפער עס איז נישט געווען, שטענדיק איז ער געווען צופרידן. אָפטמאָל פלעגט ער דעם ענטפער גאָר אינגאַנצן נישט פאַרשטיין, אָבער אויך דאָס איז שיין געווען, ווייל אויב ער האָט נאָר געוואָלט, האָט ער געקאָנט ווייטער פרעגן. אַן אַנדערש מאָל פלעגט ער ווייטער נישט פרעגן, און דאָס איז ווידער געווען אָנגענעם, ווייל ער פלעגט דעמאָלט האָבן אַן אַרבעט — זיך אַליין, אויף זיין אייגענעם שטייגער, אויסמאָלן דאָס נישט-פאַרשטאַנענע. אָפטמאָל פלעגט ער פילן בחוש, אַז די מוטער גיט נישט קיין פולן ענטפער אויף זיינער אַ קשיה, אַז בכּיוון זאָגט זי נישט אַלץ, וואָס זי ווייס, און דאָס איז ערשט געווען גאָר פיין. ווייל דעמאָלט פלעגט אין אים פאַרבלייבן אַ באַזונדערער נייגיר, אַ מין פאָרגעפיל, וואָס פלעגט אים דורכנעמען געהיימניספול און באַגליקנדיק, אַ דערוואַרטן, וואָס פלעגט דערוועקן בענקשאַפט מיט פרייד צוזאַמען, און ער האָט דעמאָלט גאָר געשוויגן.

איצטער האָט ער געפרעגט: „מאַמע, וועמעס איז די דאָזיקע גאַס?"

די מוטער ענטפערט: „אונדזערע".

באַמבי פרעגט ווייטער: „דיינע און מיינע?"

די מוטער ענטפערט: „יאָ".

„אונדזערע ביידנס?"

„יאָ".

„נאָר אונדזערע ביידנס?"

„ניין, זאָגט די מוטער, „אונדזערע, די אינדנס"...

„וואָס איז דאָס, אינדן?" פרעגט באַמבי און לאַכט.
די מוטער האָט זיך אויף אים אומגעקוקט און אויך אַ לאַך געטון: „דו ביסט אַן אינד און איך בין אַן אינד, פאַרשטייסטו?"
באַמבי שפּרינגט אַזש אונטער אין דער הויך פון לוסטיקן לאַכן: „יאָ, איך פאַרשטיי, איך בין אַ קליינע אינד און דו ביסט אַ גרויסע אינד, נישט אַזוי?"
די מוטער מאַכט אַ צושטימענדיקע באַוועגונג:
„אָט, זעסטו דאָך".
באַמבי ווערט ווייטער ערנסט: — „צי זענען פאַראַן נאָך אינדן, אויסער אונדז ביידן?"
„געוויס", זאָגט די מוטער. „אַסך".
„וווּ־זשע זענען זיי?" האָט באַמבי אויסגערופן.
„אָט דאָ, אומעטום".
„אָבער... איך זע זיי נישט".
„דו וועסט זיי שוין זען".
„ווען?" — באַמבי איז שטיין געבליבן פול מיט נייגיר.
„באַלד". — די מוטער איז רואיק געגאַנגען ווייטער.
באַמבי איז איר נאָכגעגאַנגען. ער האָט געשוויגן, ווייל ער האָט זיך געגריבלט אין דעם, וואָס קאָן אזוינס באַטייטן „באַלד". ער איז געקומען צום אויספיר, אַז „באַלד" איז געוויס נישט „תיכף". נאָר ער האָט מיט זיך אַליין נישט געקאָנט דורכקומען, ווען הערט דאָס דאָזיקע „באַלד" אויף צו זיין „באַלד" און גייט איבער אין „שפּעטער". פּלוצלינג האָט ער אַ פרעג געטון: „ווער האָט געמאַכט אָט די גאַס?"
„מיר", האָט די מוטער אָפּגעענטפערט.
באַמבי איז געוואָרן פאַרחידושט: „מיר? דו און איך?"
האָט די מוטער געזאָגט: „נו, מיר... מיר — אינדן".
„וואָסערע?" איז באַמבי נישט אָפּגעשטאַנען.
„מיר אַלע", האָט די מוטער אים אָפּגעפּאַטערט.
זיי זענען געגאַנגען ווייטער. באַמבי איז געווען פריילעך און אים האָט זיך געגלוסט אַראָפּשפּרינגען פון וועג, נאָר ער

האָט זיך געהאַלטן סטאַטעטשנע לעבן זיין מוטער. פאָרויס פאַר זיי האָט עפּעס אַ שורשע געטאָן האַרט ביים באָדן. עפּעס האָט זיך האַסטיק דורכגעשלייכט פון צווישן די פעדערגראָזן און לאַטיש-בלעטער. אַ דיניִנק קולכל האָט רחמנותדיק אַ פּישטש געטון, און ס'איז געוואָרן שטיל. נאָר די בלעטער און גרעזעלעך אויף יענעם אָרט האָבן זיך נאָך אַביסל באַוועגט. אַ טכויר האָט געיאָגט אַ מויז. ער איז פאַרבייגעלאָפן, זיך צוגעזעצט אָן אַ זייט און גענומען זיך צו דער סעודה.

„וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?", האָט באַמבי אָן אויפגערעגטער געפרעגט.

„גאָרנישט", האָט אים די מוטער באַרואיקט.

„אָבער..." באַמבי האָט געציטערט: „אָבער... כ'האָב עס דאָך אַליין געזען".

„נו, יאָ", זאָגט די מוטער, „שרעק זיך נישט, דער טכויר האָט די מויז געטויט".

אָבער באַמבי איז געווען שטאַרק דערשראָקן. אומבאַקאַנטער, שטאַרקער פּחד האָט אָנגעפילט זיין האַרץ. לאַנג האָט געדויערט, ביז ער האָט ווייטער געקאָנט רעדן. דעמאָלט האָט ער אַ פרעג געטון: „הלמאַי האָט ער געטויט די מויז?"

„ווייל..." די מוטער האָט געצויגן „...קום גיכער", האָט זי זיך אָנגערופן, ווי זי וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, אָבער ווי זי וואָלט פאַרגעסן אין זיין פראַגע. זי האָט גענומען לויפן. באַמבי איז הינטער איר נאָכגעשפרונגען.

אַ היפּשע ווײַלע איז אַזוי אַדורך; זיי האָבן ווידער גענומען רואיק גיין. צום סוף האָט באַמבי אומעטיק געפרעגט: „וועלן מיר אויך אַמאָל טויטן אַ מויז?"

„ניין", האָט די מוטער דערווידערט.

„קיינמאָל נישט?", האָט באַמבי איבערגעפרעגט.

„קיינמאָל נישט!"

„פאַרוואָס?", האָט באַמבי געפרעגט אַ באַרואיקטער.

„ווייל מיר טויטן קיינעם נישט", האָט די מוטער געזאָגט פּשוט.

באַמבי איז ווידער געוואָרן מונטער.

פון אַ יונגן עשנבוים, וואָס איז געשטאַנען נאָענט ביים וועג, האָט זיך דערהערט אַ הילכיק קראַקען. די מוטער איז זיך געגאַנגען איר וועג און נישט געלייגט אויף דעם קיין ברעקל אַכט. באַמבי, אָבער, האָט זיך נייגעריק אָפּגעשטעלט. צוויי אייכלראָבן האָבן דאָ אויבן צווישן די צווייגן געריסן זיך פאַר אַ נעסט, וואָס זיי האָבן צערויבט.

„טראָג זיך אָקאָרשט אָפּ פון דאַנען, דו טויגעניכטס!", האָט געשריגן איינער.

„בייזער זיך נישט, דו טיפּש איינער", האָט געענטפערט דער צווייטער, „איך האָב פאַר דיר קיין מורא נישט".

דער ערשטער האָט געליאַרעמט: „זוך פאַר זיך אַליין אויס נעסטן, דו גנב איינער! איך וועל דיר דעם קאָפּ שפּאַלטן". ער איז געווען אויסער זיך. „אַזאַ געמיינהייט", האָט ער געשיפּעט, „אַזאַ געמיינהייט"!

דער צווייטער האָט דערזען באַמבין, האָט ער אויף אים אַראָפּגעשליידערט אַ פּאָר צווייגן און זיך געווענדעט צו אים מיט רוגזה: „וואָס קוקסטו, דו נאַרישע צורה?! טראָג זיך אָפּ!"

אַ דערשראָקענער איז באַמבי אָפּגעשפּרונגען, אָנגעיאָגט זיין מוטער, און איז ווייטער געגאַנגען הינטער איר סטאַטעטשנע און מיט פּחד, און געמיינט, אַז זיין אָפּשטיין איז געבליבן נישט באַמערקט דורך איר.

אין אַ ווייל ארום האָט ער געפרעגט: „מאַמע, וואָס איז אַזוינס געמיינהייט?"

„כ'ווייס נישט", האָט די מוטער געענטפערט.

באַמבי האָט זיך פאַרטראַכט, און באַלד האָט ער ווידער אָנגעהויבן: „מאַמע, פאַרוואָס זענען זיי איינער צום אַנדערן אַזוי שלעכט געווען?"

די מוטער האָט געענטפערט: „זיי האָבן זיך געריסן פאַרן עסן".

„צי וועלן מיר אויך אַמאָל זיך ארומרייסן פאַרן עסן?", האָט באַמבי געוואָלט וויסן.

„ניין", האָט דערקלערט די מוטער.

באַמבי האָט ווייטער געפרעגט: „פאַרוואָס עפּעס נישט?"

האָט די מוטער אים אויפגעקלערט: „עס איז פאַראַן געווויג פאַר אונדז, פאַר אַלעמען".

באַמבי האָט נאָך עפּעס געוואָלט וויסן: „מאַמע...?"

„וואָס איז?"

„וועלן מיר אויך אַמאָל זיין שלעכט איינע צו די אַנדערע?"

„ניין, מיין קינד", האָט געזאָגט די מוטער, „ביי אונדז קומען נישט פאָר אַזוינע זאַכן".

זיי זענען געגאַנגען ווייטער. פּלוצלינג איז פאָרויס פאַר זיי געוואָרן גאַנץ העל, שטראַלנדיק העל. דער גרינער געפלעכט פון שטרויכן און קוסטעס האָט זיך געענדיקט, די גאַס איז געווען אויס. בלויז נאָך אַ פּאָר שריט — און זיי וועלן אַרויסקומען אויף דער ליכטיקער פרייהייט, וואָס עפנט זיך אויף פאַר זיי. באַמבי האָט געוואָלט שפּרינגען פאָרויס, נאָר די מוטער איז שטיין געבליבן.

„וואָס איז דאָס?" האָט באַמבי אומגעדולדיק אויסגערופן אינגאַנצן אַ באַצויבערטער.

„די לאָנקע", האָט די מוטער געענטפערט.

„וואָס איז דאָס אַזוינס „די לאָנקע?", האָט באַמבי געוואָלט וויסן וואָס שנעלער.

די מוטער האָט אים איבערגעהאַקט די רייד. „דאָס וועסטו שוין אַליין זען". זי איז געוואָרן ערנסט און אויפמערקזאַם. זי איז געשטאַנען אָן באַוועגונג, הויך פאַררייסן דעם קאָפּ, האָט אָנגעשטרענגט זיך איינגעהערט, געפּרוווט מיט טיפע אָטעמצוגן דעם ווינט און האָט אויסגעזעען זייער שטרענג.

„עס איז גוט", האָט זי ענדלעך געזאָגט, „מיר קאָנען גיין". באַמבי האָט אַ טאַנץ געטון פאָרויס, נאָר זי האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג.

„זאָלסט וואַרטן, ביז איך וועל דיך רופן". באַמבי איז שטיין געבליבן שטיל און געהאָרכזאַם. „אַזוי איז פיין" האָט

אים די מוטער געלויבט. „און איצטער נעם זיך גוט אײַין אין זינען, וואָס איך וועל דיר זאָגן". באַמבי האָט דערפילט אַן ערנסטן ציטער אין דער מוטערס ווערטער און ער איז געוואָרן געשפּאַנט. „עס איז נישט אַזוי פּשוט צו גיין אויף דער לאָנקע", האָט די מוטער פאָרגעזעצט, „דאָס איז אַ שווערע און אַ געפערלעכע זאַך. פרעג נישט, פאַרוואָס. דו וועסט עס שפּעטער זיך דערוויסן. איצטער פאָלג נאָר אַלץ, וואָס איך וועל דיר זאָגן. זאָגסטו צו?"

באַמבי האָט צוגעזאָגט.

„אַזוי איז גוט. איך גיי, אַלדזאָ, פאָרויס צוערשט אַליין. דו בלייב דאָ שטיין און וואַרט. קוק כסדר אויף מיר. האַלט מיך אומאויפהערלעך אויפן אויג. אויב דו וועסט זען, אַז איך לויף צוריק אַהער, דאַן קער זיך אום און לויף פון דאַנען ווי שטאַרק נאָר דו קאָנסט. איך וועל דיך שוין אָניאָגן". זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן, קענטיק געיישובט זיך מיט זיך אַליין, און האָט באַלד פעסט פאָרגעזעצט: „יעדנפאַלס, לויף, לויף, וויפל כּוח דו האָסט. לויף... אַפילו ווען ס׳זאָל עפּעס פּאַסירן... אויב דו וועסט אַפילו זען, אַז איך... אַז איך פאַל אום... קוק זיך נישט אום אויף מיר, פאַרשטייסט?.. וואָס דו זאָלסט נישט זען אָדער הערן... דו לויף אַלץ ווייטער, און שנעל ווי נאָר מעגלעך!.. זאָגסטו מיר צו?"

„יאָ", האָט באַמבי שטיל געענטפערט.

„אויב אָבער איך וועל דיך רופן", האָט די מוטער ווייטער גערעדט, „קאָנסטו קומען. דרויסן אויף דער לאָנקע מעגסטו זיך שפּילן. דאָרטן איז זייער שיין, און עס וועט דיר געפעלן. נאָר... דו מוזסט מיר אויך דאָס צוזאָגן... ביי מיין ערשטן רוף מוזסטו זיין געבן מיר. אומבאַדינגט. דו הערסט?"

„יאָ", האָט באַמבי געזאָגט נאָך שטילער. די מוטער האָט גערעדט אַזוי ערנסט.

זי האָט פאָרגעזעצט: „דאָרטן, אין דרויסן, טאָמער רוף איך, איז אָן שום שהיות, נישט אומקוקן זיך און נישט פרעגן

גאָרנישט, נאָר ווי דער ווינט, גלייך צו מיר! פאַרגעדענק דאָס. נישט קלערן, נישט קלייבן זיך... תּיכּף ווי נאָר איך וועל אָנהויבן לויפן, זאָל זיין געלאָפן אָן אָפּהאַלט, ביז מיר וועלן ווידער זיין דאָ. וועסטו דאָס נישט פאַרגעסן?"

„ניין", האָט באַמבי געענטפערט אין צער

„אויב אַזוי, וועל איך גיין", האָט דערקלערט די מוטער, און איז געווען שוין עטוואָס רואיקער.

זי האָט זיך געלאָזט גיין. באַמבי האָט פון איר קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט. ער האָט געזען, ווי זי האָט מיט פּאַמעלעכע און הויכע טריט געשפּאַנט פאָרויס. ער איז גע-שטאַנען פול מיט דערוואַרטונג, שרעק און נייגיר. ער האָט געזען, ווי די מוטער קוקט זיך אום אין אַלע זייטן און הערט זיך איין, ווי זי האָט אויפגעציטערט, און ער האָט אַליין אויך אָ ציטער געטון, גרייט צוריקצושפּרינגען אין דער וואַלד-געדיכ-טעניש. נאָר אָט איז די מוטער ווידער רואיק געוואָרן, און אַז ס'איז אַריבער נאָך אַ ווײַלע, איז זי געוואָרן שוין גאָר מונטער. זי האָט אַ וואָרף געטון מיטן האַלדז, האָט אים שטאַרק אויסגעצויגן, אַ צופרידענע אַ בליק געטון צו באַמבין און אַ רוף געטון: „קום!"

באַמבי האָט אַ שפּרונג געגעבן פאָרויס. אַן אומגעהייערע פרייד האָט אים אַזוי פּישופדיק שטאַרק באַהערשט, אַז זיין אומעט איז אין איין אויגנבליק פאַרשוווּנדן. אין וואַלד האָט ער תּמיד געזען איבער זיך בוימער-שפּיצן, און נאָר זעלטן האָט צווישן זיי דורכגעפינטלט אַ בלויער שפּרענקל. איצט, אָבער, האָט ער געזען הויך און ווייט דעם גאַנצן הימלבלוי, און דאָס האָט אים געמאַכט גליקלעך, הגם ער האָט אַליין נישט געוווּסט פאַרוואָס. פון דער זון האָט ער אין וואַלד גע-קענט נאָר איינצלנע ברייטע שטראַלן, אָדער דעם צאַרטן שטראָם ליכט, וואָס האָט מיט גאָלד געשפּילט צווישן די צווייגן. איצ-טער איז ער פּלוצלינג אַריינגעפאַלן אונטער אַ הייסער בלענדנ-דיקער קראַפט, וואָס האָט אים אינגאַנצן באַהערשט, און ער

האָט זיך געבאָדן אין קוואַלן פֿון דער געבענטשטער היץ. די קראַפֿט האָט אים גענויט צו פֿאַרזשמורען די אויגן, אָבער זי האָט אים געעפֿנט דאָס האַרץ. באַמבי איז געוואָרן באַרוישט, ער איז געוואָרן אויסער זיך, ער איז פּשוט דול געוואָרן. הילפֿלאָז איז ער געשפּרונגען אין דער הויך דריי מאָל, פֿיר מאָל, פֿינף מאָל, פֿון דעם אָרט, ווו ער איז געשטאַנען. ער האָט אַנדערש נישט געקאָנט, ער האָט געמוזט אַזוי. עס האָט אים געהויבן צו שפּרינגען אינדערהויך. זיינע יונגע גלידער האָבן זיך אָנגעצויגן אַזוי קרעפֿטיק, עס האָט זיך געאָטעמט אַזוי טיף און לייכט, און ער האָט געטרונקען מיטן אָטעם אַזויפֿיל ריחות פֿון דער לאָנקע, און מיט זיי צוזאַמען האָט ער אַריינגענומען אין זיך אַזאַ שפּע פֿון הייטערקייט, אַז ער האָט געמוזט שפּרינגען. באַמבי איז געווען אַ קינד. וואָלט ער געווען אַ מענטשנקינד, וואָלט ער אַרויסגעלאָזט באַגייסטערטע יובל-קלאַנגען.

באַמבי איז אָבער געווען אַן אינד, און אינדן קאָנען נישט יובעלען, אַלנפֿאַלס נישט אויף אַזאַ שטייגער, ווי עס טוען דאָס מענטשנקינדער. ער האָט, אַלדזאָ, געזונגען שירה אויף זיין שטייגער — מיט די פֿיס, מיטן גאַנצן קערפּער, וואָס האָט זיך געוואָרפֿן אינדערלופֿטן. זיין מוטער איז געשטאַנען דערלעבן און האָט זיך געפֿרייט. זי האָט געזען, אַז באַמבי איז פֿאַר-שיכּורט. זי האָט געזען, ווי ער האָט זיך געוואָרפֿן אינדערהויך און אומבאַהאָלפֿן אַראָפּגעלאָזט זיך אויפֿן זעלביקן אָרט, ווי ער האָט פֿאַרלוירן און באַרוישט זיך אומגעקוקט און אין אַ ווייליקע אַרום ווידער און ווידער זיך געוואָרפֿן אינדער-הויך. זי האָט געוווסט, אַז באַמבי קען נאָר דאָס שמאָלינקע אינדן-שטעזשקעלע אין וואַלד, און אין די ווייניקע טעג פֿון זיין לעבן האָט ער זיך צוגעוווינט נאָר צום געדיכטן וואַלד, און אַז ער שפּרינגט דעריבער אויפֿן זעלבן אָרט, ווייל ער פֿאַרשטייט נאָך נישט, ווי פֿריי אַרומצולויפֿן איבער דער לאָנקע. זי האָט זיך אויסגעבויגן אויף אירע אויסגעשטרעקטע פֿאָדער-שטע פֿיס, האָט אַ רגעלע געשמייכלט צו באַמבין און איז

שנעל אָפּ, און באַלד האָט זי זיך געטראָגן, געמאַכט קרייזן, געשוועבט, ווי הויכע גראָזן, בעת זיי באַוועגן זיך. באַמבי האָט זיך דערשראָקן און איז געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט. אפשר איז דאָס אַ צייכן, ער זאָל צוריקלויפן אין וואַלד? די מוטער האָט דאָך אָנגעזאָגט: וואָס דו וועסט נישט זען און הערן, זאָל דיך וועגן מיר גאָרנישט אַרן, נאָר אַנטלויף ווי שנעל דו קאָנסט נאָר! ער האָט געוואָלט זיך אומקערן און לויפן, אַזוי ווי עס איז פאַרזאָגט געווען. נאָר פּלוצלינג איז די מוטער צוגעקומען. זי איז צוגעקומען מיט אַ וווּנדערלעכן גערויש, האָט זיך פאַרהאַלטן צוויי טריט פון אים, זיך אויסגעבויגן ווי דאָס ערשטע מאָל, אַ לאַך געטון צו אים און אויסגערופן: „אָבער כאַפּ מיך!" און איז די רגע פון אים אַוועק. באַמבי איז געווען דערשטוינט: וואָס קומט עס פאָר מיט דער מוטער? וואָס זאָל דאָס באַטייטן? אָבער אָט איז זי ווידער דאָ, אַזוי בליץ-שנעל, אַז עס האָט זיך געקאָנט דער קאָפּ פאַרדרייען, האָט אים אַ שטופּ געטון מיט דער נאָז אין זייט אַריין, האָט אינדערגיך אַ זאָג געטון: „טאָ כאַפּ זשע מיך!" און ווידער אַוועק. באַמבי האָט זיך אַוועקגעלאָזט נאָך איר עטלעכע טריט. אָבער גלייך זענען די טריט איבערגעגאַנגען אין לייכטע שפּרונגען. עס האָט אים געטראָגן, ער האָט געמיינט, אַז ער פליט; ער האָט זיך געטראָגן פון זיך אַליין. אַ ברייטקייט איז געווען אונטער זיינע טריט, אַ ברייטקייט אונטער די שפּרונגען, ברייטקייט און פרייקייט. באַמבי איז געווען אויסער זיך. דאָס גראָז האָט אים וווּנדערלעך גערוישט אין די אויערן. עס איז געווען זעלטן ווייך און זיידיק-צאַרט, בעת ער האָט עס באַרירט. ער האָט זיך געיאָגט אין אַ בויגן, זיך איבערגעוואָרפן און געפלויגן ווי אַ פייל אין אַ נייעם קרייז, זיך ווידער איבערגעוואָרפן און באַלד געטראָגן זיך אין אַ נייעם בויגן. די מוטער איז אַ ווײַלע שוין געשטאַנען שטיל, האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און געקוקט אין דער זייט, ווו באַמבי איז אַדורכגעפלויגן. באַמבי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

פּלוצלינג איז ער שטיל געוואָרן, כאָטש אינעווייניק אין

אים האָט אַלץ געשריגן פון פרייד. ער איז מיט געמאָסטענע טריט צוגעלאָפן צו דער מוטער און גליקזעליק זי אָנגעקוקט. דערנאָך האָבן זיי ביידע אין גוטער שטימונג געשפּאַצירט לעבנאיינאַנד. זינט באַמבי איז געווען אָט דאָ, אינדרויסן, האָט ער דעם הימל, די זון און די גרינע לאָנקע געזען נאָר מיטן קערפּער; מיטן פאַרבלענדעטן און פאַרשיכורטן בליק — דעם הימל, און מיטן רוקן, וואָס האָט געפילט די ווילע וואַרימקייט, און מיט די קרעפטיקע אָטעמצוגן — די זון. איצטער ערשט האָט ער גענומען געניסן מיט די אויגן, און אויף יעדן טראָט האָט ער מיט אַנטציקונג און התפּעלות אַנטדעקט נייע פּרעכטיקע וווּנדער אויף דער לאָנקע. דאָ האָט זיך נישט אַרויסגעזען קיין מינדסטער שטיקל באָדן, ווי אין וואַלד. אויף יעדן שטיקעלע באָדן איז דאָ געווען אַ געדראַנג פון געוויקסן און גראָזן, וואָס האָבן זיך געוויגט אין זייער עשירותפולער פּראַכט; ביי יעדן פוס־טריט האָבן די גראָזן זאַנפט זיך אָפּגעבויגן אָן אַ זייט, בכדי נאָכדעם ווידער גוטמוטיק זיך אויפצושטעלן. דער ווייטער גרינער פליין איז באַשטערנט געווען מיט ווייסע מאַרגאַריטקעס, מיט אָנגעשוואָלענע וויאָלעטע און רויטע קעפּלעך פונם בליענדיקן דרייבלאַט, און מיט פּרעכטיקע לייכטנדיקע גאָלד־קעפּלעך פון די לופטל־בלימלעך.

„זע נאָר, מאַמע”, האָט באַמבי אויסגעשריגן, „אָט איז אַ בלום אַוועקגעפלויגן”.

„דאָס איז נישט קיין בלום”, האָט די מוטער אים געגעבן צו פאַרשטיין, „דאָס איז אַ שמעטערלינג”.

אָן אַנטציקטער האָט באַמבי נאָכגעקוקט דעם שמעטערלינג, וואָס האָט זיך אַזוי צאַרט אַראָפּגענומען פונם בלומענשטענגל און אַרומגעשוועבט אין אַ שווינדלענדיקן קאַראַהאָד. איצטער האָט באַמבי דערזען, אַז אינדערלופטן שוועבן אַרום פיל אַזעלכע פלאַטערלעך, און לאַנגזאַם דרייען זיי זיך אַרויף און אַראָפּ — און די דאָזיקע שפּיל האָט אים שטאַרק באַגייסטערט. עס האָט באמת אויסגעזען, ווי דאָס וואָלטן געווען באַוועגלעכע בלומען, לוסטיקע בלומען, וואָס האָבן נישט געוואָלט

זיצן שטיל אויף זייערע שטענגלעך און האָבן זיך אויפגעהויבן, בכדי אַביסל זיך דורכצוטאַנצן, אָדער בלומען, וואָס זענען אַראָפּגעקומען צוזאַמען מיט דער זון, און האָבן נאָך קיין אָרט פאַר זיך נישט געפונען, און זוכן עס איבערקלייבעריש; אָט נידערן זיי אַראָפּ און ווערן פאַרשווונדן, ווי זיי וואָלטן שוין ערגעץ געגרוט, נאָר באַלד הויבן זיי זיך ווידער אַרויף, אַלע מאָל העכער און העכער, און זוכן כּסדר, — ווייל די בעסטע פּלעצער זענען שוין פאַרנומען.

באַמבי האָט זיי אַלעמען נאָכגעבליקט. ער וואָלט גערן עמיצן פון זיי באַטראַכט פון דער נאָענט, ער וואָלט גערן אָפּגעשטעלט דאָס אויג אויף עמיצן פון זיי — אָבער דאָס איז איז אים נישט געלונגען. זיי האָבן שימערירט פאַר זיין בליק און אומאויפהערלעך זיך אויסגעמישט איינע מיט די אַנדערע. באַמבי איז געווען צעמישט פון דעם געווירבל.

נאָר אָט איז ער ווידער אַנטציקט: ער האָט אַראָפּגעקוקט צום באָדן, און דערזען דאָס ווימלענדיקע טויזנטפאַכיקע לעבן, וואָס האָט געברויזט ביי זיינע פיס. פאַרשידענע ברואים-לעך זענען געשפרונגען און געוואָרפן זיך אין אַלע זייטן, אָט זיך אויפגעהויבן מיט רעש און געזשומעריי, און אין אַ רגע אַרום ווידער פאַרשווונדן אינם גרינעם גראָז.

„מאַמע, וואָס איז דאָס אַזוינס?", האָט באַמבי געפרעגט.

„דאָס זענען די קליינוואַרג", האָט די מוטער געענטפערט.

„גיב נאָר אַ קוק", האָט באַמבי אויסגעשריגן, „דאָ שפּרינגט אַ שטיק גראָז. ניין... אָבער ווי הויך דאָס שפּרינגט!"

„דאָס איז נישט קיין גראָז", האָט די מוטער דערקלערט. „דאָס איז דער גוטער היישפּרינגער".

„פאַרוואָס אָבער שפּרינגט ער אַזוי?", האָט באַמבי געפרעגט.

„ווייל מיר גייען דאָ", האָט די מוטער געענטפערט, „ער האָט מורא".

„אָ!" האָט באַמבי זיך געווענדעט צו אַ היישפּרינגער וואָס איז געזעסן אויף אַ מאַרגאַריטקע-בעכערל, „אָ!", האָט ער

געזאָגט זייער העפלעך, „איר האָט נישט וואָס מורא צו האָבן, מיר וועלן אייך קיין שלעכטס נישט טאָן".

„איך האָב גאָר קיין מורא נישט", האָט אָפּגעענטפערט דער היישפרינגער מיט אַ גרילצנדיק קול. „איך האָב זיך נאָר אין ערשטן מאָמענט דערשראָקן, ווייל איך האָב גראָד געשמועסט מיט מיין פרוי".

„זייט זשע אונדז מוחל", האָט באַמבי באַשיידן געבעטן, „מיר האָבן אייך געשטערט".

„עס שאַדט נישט", האָט געגרילצט דער היישפרינגער. „וויבאַלד דאָס זענט איר, מאַכט נישט אויס; מען קאָן אָבער קיינמאָל נישט וויסן, ווער עס גייט, און מען מוז דעריבער זיין אָפּגעהיט".

„איך בין היינט צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן אויף דער לאָנקע", האָט באַמבי דערציילט, „די מוטער האָט מיר..."

דער היישפרינגער איז געשטאַנען מיט אַ פאָרויסגעבויגענעם קאָפּ, געמאַכט אַן ערנסט פּנים און האָט אַ בורטשע געטון: „דאָס אינטערעסירט מיך נישט. איך האָב קיין צייט נישט צו פלוידערן מיט אייך, איך מוז זוכן מיין פרוי. האָפּ!" און ער איז נעלם געוואָרן.

„האָפּ!", האָט באַמבי נאָכגעזאָגט, פאַרחידושט און צעמישט פון דעם הויכן שפרונג, מיט וועלכן יענער איז פאַרשוווּנדן.

באַמבי איז צוגעלאָפן צו דער מוטער: „דו... איך האָב מיט אים גערעדט!"

„מיט וועמען?", האָט די מוטער געפרעגט.

„מיטן היישפרינגער", האָט באַמבי דערציילט, „ער איז צו מיר געווען אַזוי פריינדלעך. ער איז מיר זייער געפעלן. ער איז אַזוי וווּנדערלעך גרין, און ביים עק אַזוי דורכזיכטיק, ווי קיין בלאַט, אַפילו דאָס פיינסטע, קאָן נישט זיין".

„דאָס זענען די פליגל".

„טאַקע?". באַמבי האָט ווייטער דערציילט: „און ער האָט אַזאַ ערנסט געזיכט, אַזאַ פאַרטראַכטס. נישט געקוקט אויף דעם, איז ער צו מיר געווען זייער פריינדלעך. און ווי ער

שפרינגט דאָס! דאָס מוז דאָך זיין פּאַבלהאַפּט שווער. „האָפּ!" טוט ער אַ זאָג און גיט אַזאַ הויכן שפּרונג, אַז די קאָנסט אים שוין מער נישט זען".

זיי זענען געגאַנגען ווייטער. דער שמועס מיטן היישפּרינגער האָט באַמבין אויפגערעגט און אַביסעלע פאַרמאַטערט. דאָס איז דאָך געווען זיין ערשטער שמועס מיט עמיצן אַ פרעמדן. ער האָט דערשפּירט, אַז ער איז הונגעריק, און האָט זיך צוגעטוליעט צו דער מוטער אויף צו דערפרישן זיך.

בעת ער איז דערנאָך ווידער געשטאַנען רואיק און פאַרחלומט, אין אַ צושטאַנד פון זיסער פאַרשיכורטקייט, וואָס האָט אים אַלעמאָל באַהערשט, נאָכדעם ווי ער פלעגט זיך אָנזעטיקן ביי זיין מוטער, האָט ער באַמערקט צווישן געפלעכט פון גראָזן אַ העלע בלום, וואָס זיך באַוועגט אַהין און אַהער. באַמבי האָט זיך בעסער צוגעקוקט. ניין, דאָס איז נישט געווען קיין בלום, דאָס איז גאָר געווען אַ שמעטערלינג. באַמבי האָט זיך צוגעשאַרט נענטער.

דער שמעטערלינג איז געהאָנגען פויל אויף אַ שטענגל און האָט פּאַוואָליע באַוועגט מיט די פליגעלעך.

„איך בעט אייך, זעצט אייך!", האָט באַמבי צו אים אַ רוף געטון.

„צו וואָס זאָל איך זיצן? איך בין דאָך אַ זומער-פייגעלע", האָט זיך געחידושט דער שמעטערלינג.

„אָך, בלייבט נאָר אַ רגעלע זיצן", האָט באַמבי געבעטן, „מיר גלוסט זיך שוין פון לאַנג אייך זען פון דער נאָענט. טוט מיר די טובה".

„פונמיינעטוועגן", האָט אַ זאָג געטון דאָס ווייסע זומער-פייגעלע, „אָבער נישט אויף לאַנג".

באַמבי איז געשטאַנען דערלעבן. „ווי שיין איר זענט!" האָט ער זיך אַנטציקט, „ווי וווּנדערשיין! ווי אַ בלום!"

„וואָס?" דאָס פלאַטערל האָט געקלאַפּט מיט די פליגלען. „ווי אַ בלום? מבינים אין אונדזערע קרייזן האַלטן, אַז מיר זענען שענער פון די בלומען".

באַמבי איז געוואָרן צעמישט. „געוויס", האָט ער גע־שטאַמלט, „פיל שענער... זייט מיר מוחל... איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן..."

„אָבער מיך הויבט נישט אָן צו קימערן, וואָס איר האָט געוואָלט זאָגן", האָט אים איבערגעשלאָגן דער שמעטערלינג. ער האָט חנעוודיק אויסגעבויגן זיין שמאָלן קערפער און גדלותדיק גענומען שפּילן זיך מיט זיינע צאַרטע טאַפּ־פליגעלעך.

באַמבי האָט אים באַטראַכט מיט אַנטציקונג. „ווי חנעוו־דיק איר זענט", האָט ער געזאָגט, „ווי פיין און חנעוודיק און ווי פּרעכטיק עס זענען אָט די ווייסע פליגעלעך!"

דער שמעטערלינג האָט ברייט אויסגעשפּרייט די פליגע־לעך, דערנאָך האָט ער זיי אויפגעשטעלט אינדערהויך און צונויפגענומען צוזאַמען, און זיי האָבן געקראָגן דעם אויסזען פון אַן אָנגעצויגענעם זעגל.

„אַך", האָט באַמבי אויסגעשריגן, „איצטער פאַרשטיי איך, אַז איר זענט שענער פאַר בלומען. חוץ דעם קאָנט איר נאָך פליען, און די בלומען קאָנען נישט. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס זיי זענען צוגעפעסטיקט צום באָדן".

דער שמעטערלינג האָט זיך אויפגעהויבן. „גענוג", האָט ער געזאָגט, „איך קאָן שוין פליען!" ער האָט זיך אַזוי לייכט אויפגעהויבן, אַז באַמבי האָט דאָס קוים מערקן געקאָנט. די באַוועגונגען פון זיינע ווייסע פליגל זענען געווען מילד און מלא חן, און באַלד האָט ער שוין געשוועבט אין דער זוני־קער לופט. „נאָר אייך צוליב בין איך אַזוי לאַנג געבליבן זיצן", האָט ער געזאָגט צו באַמבין, און האָט קונציק פאַרביי אים פאַרבייגעשוועבט אַרויף און אַראָפּ, „איצטער פלי איך אַוועק".

אָט דאָס איז געווען די לאָנקע.

פ
טיף אין וואַלד האָט זיך געפונען אַ ווינקעלע, וואָס האָט געהערט צו באַמביס מוטער. דאָס דאָזיקע ווינקעלע איז געלעגן קוים אַ פּאָר טריט אינדערזייט פון דעם שמאָלן אינדן־סטעזשקעלע, וואָס איז דאָ געלאָפן דורכן וואַלד, אָבער ס׳איז געווען שווער עס צו געפינען, אויב מען האָט נישט געוווּסט פונם דאָזיקן פאַרבאָרגענעם צווישן די געדיכטע קוס־טעס באַהעלטעניש. ס׳איז געווען זייער אַן ענגע שטוב, אַזוי ענג, אַז פאַר דער מוטער און באַמבין האָט דאָ קוים געקלעקט פּלאַץ, און עס איז נישט געווען ווי אַ קער צו טון זיך, און אַזוי נידעריק, אַז ווען די מוטער איז געשטאַנען, האָט זי מיטן קאָפּ דערגרייכט צווישן די צווייגן. נוסבוימער, שטעכ־גראָזן און הארטריגל זענען דאָ געוואַקסן אַזוי געדיכט, אַז זיי האָבן פאַרשלונגען דאָס ביסל זון־ליכט, וואָס איז דורכגע־דרונגען דורך די בוימער־צווייגן, אַזוי אַז ס׳האָט קיינמאָל נישט געקאָנט גרייכן צום באָדן. דאָ, אין אָט דער קאַמער, איז באַמבי געקומען אויף דער וועלט, און דאָס איז געווען זיינע מיט זיין מוטערס וווינונג.

די מוטער איז איצט געלעגן צוגעפּרעסט צו דער ערד און איז געשלאָפן. אויך באַמבי האָט אַביסל געדרימלט. אָבער פּלוצלינג איז ער געוואָרן אינגאַנצן וואַכעדיק. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַרומגעקוקט.

אינעווייניק האָבן זיך געשפּרייט שאָטנס, אַזוי אַז ס׳איז געווען כּמעט פינצטער. עס האָט זיך געהערט דער שטילער גערויש פון וואַלד. פון צייט צו צייט האָט אַ טשירליקע גע־טון אַ בלויפויגל, אָדער עס האָט זיך געהערט דאָס הילכיקע געלעכטער פונם פּיקהאָלץ אָדער דאָס אומעטיקע רופן פון דער קראָע. אויסערדעם איז ווייט און ברייט אַרום אַלץ געשטאַנען שטיל. נאָר די אָנגעגליטע לופט האָט ווי געזאָטן אין דער היץ פון האַלבן טאָג, און דאָס האָט מען געקאָנט פאַרנעמען ביים אויפמערקזאַמען איינהאָרכן זיך. אין קאַמער איז געווען דושנע ביז צום חלשן.

באַמבי האָט אַראָפּגעקוקט צו דער מוטער: „דו שלאָפסט?"

ניין, די מוטער איז נישט געשלאָפן. זי האָט זיך תּיכף אויפגעכאַפּט, ווי נאָר באַמבי האָט זיך אויפגעהויבן.

„וואָס וועלן מיר איצטער טון?", האָט באַמבי געפרעגט.

„קיין שום זאַך נישט", האָט די מוטער געענטפערט. „מיר וועלן פאַרבלייבן דאָ, ווו מיר זענען. לייג זיך, איך בעט דיך, אַנידער, און שלאָף".

אָבער באַמבין האָט אויסגעפעלט לופּס צום שלאָפן.

„קום, האָט ער גענומען בעטן, „קום אויף דער לאָנקע".

די מוטער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ: „אויף דער לאָנקע? איצטער... אויף דער לאָנקע?" — זי האָט גערעדט אַזוי דערשטוינט און דערשראָקן, אַז באַמבין איז געוואָרן אומהיימלעך.

„קאָן מען דען נישט איצטער אויף דער לאָנקע...?" האָט ער געפרעגט אומדרייסט.

„ניין", האָט די מוטער געענטפערט, און איר ענטפער האָט געקלונגען זייער אַנטשידן. „ניין, איצטער איז דאָס אוממעגלעך".

„פאַרוואָס?" באַמבי האָט דערשפּירט, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַט. ער איז געוואָרן שטאַרק צעשראָקן, אָבער גלייכצייטיק האָט אים געגרייצט אַלץ צו דערגיין. „פאַרוואָס טאָר מען איצטער נישט גיין אויף דער לאָנקע?"

„שפּעטער, אַז דו וועסט ווערן גרעסער, וועסטו זיך שוין אַלץ דערוויסן", האָט אים די מוטער באַרואיקט.

באַמבי איז צוגעשטאַנען: „פונדעסטוועגן, זאָג מיר גלייך".

„שפּעטער אַמאָל", איז באַשטאַנען די מוטער, „איצטער ביסטו נאָך אַ קליין קינד", האָט זי צאַרט צוגעגעבן, „און מיט קינדער רעדט מען נישט פון אַזוינע זאַכן". זי איז געוואָרן זייער ערנסט. „איצטער... אויף דער לאָנקע... שוין איינמאָל אַן איינפאַל. אינמיטן העלן טאָג...!"

„אָבער", האָט באַמבי דערווידערט, „ווען מיר זענען

געגאַנגען אויף דער לאָנקע, איז דעמאָלט אויך געווען העלער טאָג״.

„דעמאָלט איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש״, האָט די מוטער געזאָגט, „ס'איז געווען פאַרטאָג״.

„הייסט דאָס, אַז נאָר פאַרטאָג קאָן מען גיין אַהינצו ?״, — באַמבי איז געווען שטאַרק נייגיריק.

די מוטער איז געווען געדולדיק: „נאָר פאַרטאָג, אָדער שפּעט אינאָוונט... צי אינמיטן נאַכט...״

„און בייטאָג בשום אופן נישט ? קיינמאָל נישט...?״

די מוטער האָט זיך געוואַקלט. „אפשר״, האָט זי צום סוף געזאָגט, „ווען עס איז... אייניקע פון אונדז גייען אַמאָל אַרויס בייטאָג. אָבער דאָס זענען גאַנץ באַזונדערע אומשטענדן... איך קאָן דיר דאָס נישט געבן צו פאַרשטיין... ביסט נאָך צו קליין... אייניקע גייען... אָבער זיי זענען דעמאָלט אין דער גרעסטער געפאַר...״

„ווי אַזוי איז מען דאָס אין געפאַר ?״. באַמבי איז געווען פול מיט שפּאַנונג.

די מוטער האָט אָבער נישט געוואָלט אַרויסגיין מיט קלאָרן לשון. „זיי זענען אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר... דו הערסט דאָך, מיין קינד, אַז די זאַכן זענען נישט פאַר דיין קינדערשן שכל, דו וועסט עס נישט פאַרשטיין...״

באַמבי האָט זיך געטראַכט, אַז ער קאָן שוין דווקא פאַרשטיין אַלץ, אויסער דאָס איינע — פאַרוואָס די מוטער וויל אים נישט געבן קיין גענויערע אויפקלערונג. נאָר ער האָט געשוויגן.

„מיר מוזן לעבן אַזוי, מיר אַלע״, האָט די מוטער ווייטער גערעדט, „ווי אונדז זאָל נישט ליב זיין דער טאָג... און מיר האָבן ליב דעם טאָג, בפרט אין אונדזער קינדהייט... מיר מוזן אָבער אַזוי לעבן, אַז בייטאָג זאָלן מיר זיך האַלטן שטיל. ערשט פון אָוונט ביז אינדערפרי קאָנען מיר פריי אַרומגיין. פאַרשטייסט ?״

„יאָ״

„איז אָט, מיין קינד, מחמת דעם מוזן מיר איצט אויך בלייבן אָט דאָ. דאָ זענען מיר זיכער. צזוי! און איצטער לייג זיך ווידער און שלאָף".

באַמבי האָט פונדעסטוועגן נישט געוואָלט זיך לייגן. „מיט וואָס זענען מיר דאָ זיכער?", האָט ער געפרעגט.

„וואָרום אַלע קוסטעס באַוואַכן אונז, אַלע צווייגלעך מורמלען, און די טרוקענע צווייגלעך אויף דר'ערד קנאַקן און וואָרענען אונדז, און די פאַרוויאַנעטע פאַראַיאָריקע בלעטער שורשען, בכדי אונדז אַ צייכן געבן... אָרום דאָ געפינט זיך דער אייכלראָב, ווי אויך די סאָראָקע, און זיי האַלטן וואַך, און צוליב זיי אַלעמען קאָנען מיר פון פריער וויסן, ציּ עמיצער גייט..."

„וואָס איז דאָס פאַראַיאָריקע בלעטער?", האָט זיך באַמבי פאַרינטערעסירט.

„קום, זעץ דיך לעבן מיר", האָט די מוטער געזאָגט, „און איך וועל דיר דערציילן".

באַמבי האָט גערן זיך אַוועקגעזעצט, האָט זיך שטאַרק צוגעטוליעט צו דער מוטער, און זי האָט אים דערציילט, אַז נישט תמיד בלייבן די בוימער גרין, אַז די זון און די שיינע וואַרימקייט פאַרשווינדן, און דאַן ווערט קאַלט, די בלעטער ווערן פון פראָסט געל, ברוין און טויט, און זיי פאַלן ביסלעכווייז אַראָפּ, און די בוימער און קוסטעס ציען זיך מיט נאַקעטע צווייגן צום הימל און זעען אויס זייער נעבעכדיק. די פאַרוועלקטע בלעטער ליגן אָבער אויף דער ערד, און אַז מען רירט זיי אָן מיטן פוס, שורשקען זיי: — מען גייט! — אָ, אַ זוילע זאַך אָט די טרוקענע בלעטער פון פאַראַיאָרן. זיי דינען אונדז זייער גוט, מיט זייער אויפמערקזאַמקייט און וואַכזאַמקייט. אַפילו איצטער, אינמיטן זומער, ליגן פיל פון זיי באַהאַלטן אונטערן יונגן געוויקסן-צודעק, און זיי וואָרענען פון ווייטן פאַר יעדער געפאַר.

באַמבי האָט זיך צוגעפּרעסט צו זיין מוטער. ער האָט

פאַרגעסן אָן דער לאָנקע. עס איז דאָך אַזאַ תענוג אַזוי דאָ צו זיצן און צוהערן זיך, ווי די מוטער דערציילט.

אַז די מוטער איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט באַמבי זיך פאַרטראַכט. ער האָט געהאַלטן, אַז ס׳איז זייער פיין פון די גוטע אַלטע בלעטער, וואָס זיי גיבן אַכטונג מיט אַזאַ פלייס, הגם זיי זענען פאַרוויאַנעט און געפרוירן און האָבן שוין אַזויפיל זיך אָנגעליטן. ער האָט אַלץ געקלערט, וואָס אַזוינס קאָן עס זיין אָט די געפאַר, וועגן וועלכער די מוטער האלט אין איין רעדן. אָבער דאָס צופיל טראַכטן האָט אים מיד געמאַכט; אַרום און אַרום האָט געהערשט שטילקייט, עס האָט זיך נאָר געהערט, ווי די לופט זידט אין דער סמאַליענדיקער היץ. און ער איז איינגעשלאָפן.

אַז באַמבי איז אײן אײנעם אַן אָװנט װידער אַרויס מיט דער מוטער אויף דער לאָנקע, האָט ער געמײנט, אַז ער װײס שוין אַלץ, װאָס מען קאָן דאָ זען און הערן. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעװיזן, אַז דאָס לעבן האָט נאָך זײער פיל זאַכן, װעגן װעלכע ער האָט נאָך קײן אַנונג נישט געהאַט.

לכתחילה איז עס צוגעגאַנגען אַזוי װי דאָס ערשטע מאָל. באַמבי האָט געשפּילט מיט זײן מוטער אין כאַפּערלעך. ער איז אַרומגעלאָפן איבער דער לאָנקע, געמאַכט קרײזן, און דער ברײטער רוים אַרום און דער הויכער הימל און די פרײע לופט האָבן אים אַזוי פאַרשיכּורט, אַז ער האָט נישט געװוּסט, אויף װאָסער װעלט ער איז. מיטאַמאָל האָט ער באַמערקט, אַז די מוטער שטײט שטיל. ער האָט אין אײן אויגנבליק איבערגעריסן זײן לויפן, אַזוי האַסטיק, אַז זײנע פיר פיס האָבן זיך ברײט פונאַנדערגעגליטשט. בכדי צו פאַר־ריכטן זײן פּאָזע, האָט ער געמוזט מאַכן אַ הויכן לופט־שפּרונג, און ערשט דאַן האָט ער זיך אָװעקגעשטעלט ריכטיק. אַנטקעגן האָט די מוטער, אַפּנים, געשמועסט מיט עמיצן. אָבער דאָס הויכע גראָז האָט געשטערט צו זען, מיט װעמען. מיט נײגיר איז באַמבי צוגעלאָפן נענטער. ערשט האָט ער דערזען, װי האַרט לעבן דער מוטער, צװישן געדיכטן גראָז, באַװעגן זיך צװײ לאַנגע אויערן. זײ זענען געװען גרוי־ברוין און געשטרײפט מיט שײנע שװאַרצע פּאַסן. באַמבי האָט זיך פאַרשעמט, אָבער די מוטער האָט אים צוגעגעבן מוט: „קום נאָר אַהער. דאָס איז אונדזער פרײנד דער האָז... קום נאָר רויִק אַהער און באַװײז זיך פאַר אים״.

דאַן איז באַמבי צוגעגאַנגען גאַנץ נאָענט. דער האָז איז געזעסן, און ער האָט אויסגעזען זײער סאָליד. זײנע לאַנגע אויערן־מושלען האָבן זיך אָט אױפגעהױבן גאָר הויך, און אָט פלעגן זײ פויל זיך אַראָפּלאָזן, װי עס װאָלט זײ באַ־פאַלן פלוצלינג אַן אָנמאַכט. באַמבי האָט זיך אַ ביסל דערפילט אומהײמלעך, אַז ער האָט דערזען די לאַנגע װאָנסעס, װאָס האָבן אַזוי גלײך און שטרענג געשטאַרצט בײם האָז אין אַלע

זייטן פון מויל. ער האָט אָבער באַמערקט, אַז דער האָז האָט זייער אַ מילד געזיכט, מיט איבערגעוויינלעך ליבע שטריכן, און אַז זיינע גרויסע, קיילעכדיקע אויגן בליקן אין דער וועלט אַריין גאַנץ באַשיידן. ער האָט באמת אויסגעזען ווי אַ פריינד, אָט דער האָז. באַמביס לייכטע צוריקגעהאַלטנקייט איז באַלד פאַרשוווּנדן. אויף אַ מערקווירדיקן אופן האָט ער, צוגלייך מיט זיעם, אָנגעוווירן אַפילו דעם דרך-ארץ, וואָס ער האָט לכתחילה דערפילט.

„גוטן אָוונט, יונגער הער", האָט דער האָז זיך באַגריסט מיט באַזונדערער העפלעכקייט.

באַמבי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ: „גוטן אָוונט". ער האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס, נאָר ער האָט נאָר אַ שאָקל געטון. זייער פריינדלעך, זייער אָנשטענדיק, נאָר דאָך אַביסעלע פון אויבן אַראָפּ. ער האָט נישט געקאָנט אַנדערש. אפשר איז דאָס ביי אים געווען אַן איינגעבוירענע טבע אַזאַ.

„ס'אַראַ העפלעכער יונגער פרינץ", האָט דער האָז גע-זאָגט צו דער מוטער. ער האָט באַמבין אויפמערקזאַם באַ-טראַכט און האָט דערביי אויפגעשטעלט אינדערהויך אָט איין אויער-לעפל, אָט אַ צווייטן, און אָט ביידע צוזאַמען; און אָפטמאָל פלעגט ער זיי שנעל אַראָפּלאָזן, און זיי זענען אַראָפּ-געהאָנגען פויל און מאַכטלאָז, וואָס באַמבין איז נישט געפעלן געוואָרן. דורך דער באַוועגונג האָט דער האָז ווי געזאָגט: — ס'לוינט זיך נישט.

דער האָז האָט נישט אויפגעהערט צו באַטראַכטן באַמ-בין מיט זיינע גרויסע, קיילעכדיקע אויגן. זיין נאָז און זיין מויל מיט די פּרעכטיקע וואָנסעס האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו באַוועגן, אַזוי ווי מען צוקט געוויינלעך מיט דער נאָז און מיט די ליפּן, ווען מען וויל זיך איינהאַלטן פון ניסן. באַמבי האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן נישט צו לאַכן.

אויך דער האָז האָט זיך באַלד צעלאַכט, נאָר זיינע אויגן זענען געוואָרן מער פאַרטראַכט. „איך גראַטולירן אייך", האָט ער געזאָגט צו דער מוטער, „אייך קומט דער אמתער

מזל-טוב צוליב אַזאַ זון, יאָ, יאָ, יאָ... דאָס איז שוין איינ־מאָל אַ פּרעכטיקער פּרינץ... יאָ, יאָ, מען זעט דאָס גלייך".

ער האָט זיך אַ הויב געטון אינדערהויך און געבליבן זיצן גלייך, אָנגעשפּאַרט נאָר אויף די הינטערשטע פיס. באַמבי איז געווען היפּש פאַרווּנדערט. נאָכדעם ווי דער האָז האָט מיט זיינע שטייענדיקע אויערן און גרויסאַרטיקער, באַוועגלעכער נאָז אויסגעשפּירט אַלץ אַרום, האָט ער זיך ווידער לייטיש אַוועקגעזעצט אויף אַלע פיר. „נו, איצטער, מיינע הערן, האָב איך די ערע זיך צו געזעגענען", האָט ער געזאָגט, „איך האָב נאָך היינט אָוונט פיל צו דערליידיקן... מיינע אונטערטעניקסטע ווונטשן". ער האָט זיך אַ דריי געטון און אַוועקגעהאָפּסלט מיט צוגעדריקטע אויערן, וואָס האָבן געגרייכט ביז צו די אַקסלען.

„אַ גוטע נאַכט", האָט באַמבי אים נאָכגעשריגן.

די מוטער האָט פריינדלעך געשמייכלט: „דער גוטער האָז... אַזוי פרידלעך און באַשיידן. ער האָט אויך נישט קיין גרינגע לעבן אויף דער וועלט". אין אירע ווערטער האָט זיך געפילט אַ וואַרימקייט.

באַמבי האָט אַביסל אַרומגעשפּאַצירט, ביז זיין מוטער האָט אויף דער לאָנקע זיך אונטערגעלעגט דאָס האַרץ. ער האָט געהאָפט צו טרעפן זיינע באַקאַנטע פונם ערשטן מאָל, און ער וואָלט גערן שליסן אויך נייע באַקאַנטשאַפט. ווייל אויב אפילו ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין קלאָרן רעכענונג פון דעם, וואָס אים פעלט, איז ער אינעווייניק אינ־גאַנצן פול געווען מיט דערוואַרטונג. פּלוצלינג האָט ער דער־הערט אַ לייכטן גערויש און האָט פאַרנומען אַ גיכע לייכטע טופּעריי.

ער האָט זיך אומגעקוקט: דאָרטן, ביים אַנטקעגנדיקן וואַלד, ביים ראַנד, האָט זיך עפּעס דורכגעשלייכט דורכן גראָז. אַ וועזן... ניין... צוויי! באַמבי האָט געוואָרפן אַ גיכן בליק צו זיין מוטער, אָבער יענע איז געשטאַנען ווי קיינמאָל גאָרנישט, און האָט געהאַלטן דעם קאָפּ פאַרגראָבן צווישן גראָז. אָבער

דאָס באַשעפעניש פון אַנטקעגן האָט זיך געיאָגט אין אַ קרייז, פּונקט ווי ער אַליין האָט דאָס געטון פריער אַביסל. באַמבי איז געוואָרן אַזוי איבערראַשט, אַז ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון אויף צוריק, ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו אַנטלויפן. דאָס האָט שוין די מוטער באַמערקט, און זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

„וואָס איז מיט דיר, מיין קינד?", האָט זי אַ פרעג געטון.

אָבער באַמבי האָט ווי אָנגעוווירן דאָס לשון, ער האָט בישט געפונען קיין ווערטער און האָט נאָר געשטאַמלט: „דאָרטן... דאָרטן..."

די מוטער האָט געוואָרפן אַ בליק קעגנאיבער. „אַך, אַזוי", האָט זי געזאָגט, „דאָס איז מיין קוזינקע. און ריכטיק, זי האָט איצט אויך אַ קינד... ניין, זי האָט צוויי". די מוטער האָט גערעדט זייער אויפגעלייגט, דערנאָך איז זי געוואָרן ערנסט: „ניין, אַז ענאַ האָט שוין צוויי קינדער... המ... טאַקע צוויי..."

באַמבי איז געשטאַנען און געגאַפט. קעגנאיבער האָט ער איצטער געזען אַ געשטאַלט, אינגאַנצן זיין מוטער. פריער האָט ער זי גאָר נישט באַמערקט. ער האָט געזען, ווי עפּעס רודערט זיך פון צווישן גראָז אין טאָפּלטע קרייזן, נאָר עס האָבן זיך אַרויסגעזען נאָר רויטע רוקנס, דינע, רויטע פּאַסן.

„קום", האָט די מוטער געזאָגט, „מיר וועלן אַהינצו גיין. דאָס איז דאָך פאַר דיר געזעלשאַפט".

באַמבי האָט זיך געוואָלט לאָזן לויפן; אַזוי ווי די מוטער איז, אָבער, געגאַנגען זייער פּאַמעלעך און אויף יעדן שריט זיך אומגעקוקט, האָט ער זיך אויך פאַרהאַלטן. ער האָט אָבער געברענט פון אומגעדולד און אויפרעגונג.

די מוטער האָט ווייטער גערעדט: „איך האָב שוין וועגן דעם געטראַכט, אַז מיר וועלן טרעפן ענען. „ווו האָט זי זיך באַהאַלטן?", האָב איך מיר געטראַכט. און איך האָב געוווסט,

אַז אויך זי האָט אַ קינד, ס'איז געוועזן לייכט אָנצושטויסן זיך, אָבער, אַז זי האָט צוויי קינדער...״

מען האָט זיי שוין לאַנג באַמערקט, און יענע זענען זיי אַנטקעגנגעגאַנגען. באַמבי האָט געמוזט באַגריסן די מומע, אָבער אויגן האָט ער געהאַט נאָר פֿאַר די קינדער.

די מומע איז געווען זייער פֿריינדלעך: „יאָ״, האָט זי אים געזאָגט, „דאָס איז גאָבאָ און דאָס איז פֿאַלינע. איר קאָנט שטענדיק צוזאַמען זיך שפּילן״.

די קינדער זענען געשטאַנען שטייף, שטיל און האָבן זיך אָנגעקוקט — גאָבאָ האַרט לעבן פֿאַלינען, באַמבי זיי ביידע אַנט־קעגן. קיינס פֿון זיי האָט זיך נישט גערירט. זיי זענען געשטאַנען און געגאַפֿט.

„לאָמיר זיי לאָזן״, האָט געזאָגט די מוטער, „זיי וועלן שוין ווערן חבר״.

„ס'אַראַ שיין קינד״, האָט די מומע ענאַ באַוווּנדערט באַמבין, „באמת, גאָר באַזונדער שיין. אַזוי קרעפֿטיק און אַזוי פֿיין געבויט...״

„נישקשה״, האָט די מוטער געענטפֿערט באַשיידן, „מען מוז זיין צופֿרידן. אָבער דו, ענאַ, ביסט גאָר באַזונדער מזל־דיק. דו האָסט צוויי...״

„נו, דאָס איז ווי אַמאָל״, האָט ענא דערקלערט. „דו ווייסט דאָך, מיין טייערע, איך האָב דאָך שוין עטלעכע מאָל געבוירן קינדער...״

„באַמבי איז מיין ערשטלינג״, האָט די מוטער געזאָגט.

„זעסטו״, האָט זי ענא געטרייסט, „אפשר וועט דאָס צווייטע מאָל ביי דיר אויך זיין אַנדערש...״

די קינדער זענען נאָך אַלץ געשטאַנען און זיך קעגנ־זייטיק באַטראַכט. קיינס פֿון זיי האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. פּלוצלינג האָט פֿאַלינע אַ שפּרונג געטון און איז אַוועק. איר איז דער גאַנצער ענין געוואָרן לאַנגווייליק.

מאָמענטאַל האָט באַמבי אַוועקגעלאָזט זיך נאָך איר. גאָבאָ האָט אים גלייך נאָכגעפֿאָלגט. זיי זענען געלאָפֿן איינע

נאָך די אַנדערע אין האַלבע קרייזן, האָבן געמאַכט בליצשנעלע ריקקערן, געקוליעט זיך איינע איבער די אַנדערע, געשניטן די לאַנקע אין דער לענג און אין דער ברייט. עס איז צוגעגאַנגען פּרעכטיק. אַז זיי האָבן דערנאָך, פאַרמאַטערטע, זיך אָפּגעשטעלט, זענען זיי שוין געווען גאַנץ היימיש איינע מיט די אַנדערע. זיי האָבן אָנגעהויבן צו שמועסן.

באַמבי האָט דערציילט, אַז ער האָט געהאַט אַ געשפּרעך מיטן גוטן היישפּרינגער און מיטן ווייסן פלאַטערל.

„צי האָסטו אויך מיטן גאָלד-באַבעלע גערעדט?", האָט געפרעגט פאַלינע.

ניין, מיטן גאָלד-באַבעלע האָט באַמבי נישט גערעדט. ער האָט עס גאָר נישט געקאָנט און נישט געוווּסט, ווער דאָס איז.

„איך רעד אָפט מיט אים", האָט פאַלינע דערקלערט אביסל באַרימעריש.

„מיך האָט דער אייכלראָב געזידלט", האָט באַמבי דערציילט.

„אַזוי גאָר?" האָט זיך גאָבאָ געחידושט. „ער האָט דיך טאַקע געזידלט?". גאָבאָן איז זייער לייכט געווען צו פאַרחידושן, און ער איז געווען אויסערגעוויינלעך באַשיידן.

„און מיך" האָט ער צוגעגעבן, „האָט דער נאָדלער אין גאָז אַ שטאָך געטון". אָבער ער האָט עס דערציילט אַזוי ווי אגב-אורחא.

„ווער איז ער, דער נאָדלער?", האָט באַמבי געפרעגט אַ שיינענדיקער פון גליק. אים איז אויסגעקומען אַזוי וווּנדערלעך, וואָס ער שטייט דאָ אַזוי, שמועסט מיט פריינד און הערט פון אַזעלכע שפּאַנענדיקע זאַכן.

„דער נאָדלער איז אַ שרעקלעכע בריאה", האָט פאַלינע אויסגערופן, „זיין גאַנצער קערפּער איז פול מיט שטעכלקעס... און ער איז זייער אַ בייזער!"

„ניין, מיינסטו טאַקע, אַז ער איז אַ בייזער?", האָט גאָבאָ געפרעגט. „ער טוט דאָך קיינעם קיין שלעכטס נישט".

„אַזוי?“ האָט דערווידערט פּאַלינע. „אפשר האָט ער דיר נישט געגעבן קיין שטאָך?“

„אָך, דאָס איז געווען מחמת דעם, וואָס איך האָב מיט אים געוואָלט רעדן“, האָט גאָבאָ דערווידערט, „און דאָס אויך זייער לייכט, עס האָט נישט זייער שטאַרק ווי געטון“.

באַמבי האָט זיך געווענדעט צו גאָבאָן: „פאַרוואָס, אָבער, האָט ער נישט געוואָלט, דו זאָלסט צו אים רעדן?“

„ער וויל מיט קיינעם נישט רעדן“, האָט פּאַלינע זיך אַרייַנגעמישט. „ווי נאָר מען דערנעענטערט זיך צו אים, קנוילט ער זיך צונויף, און דעמאָלט האָסטו פון אַלע זייטן נאָר שטעכל-קעס. אונדזער מוטער זאָגט, אַז ער איז אַזאַ בריאה, וואָס וויל מיט דער וועלט קיין שום מגע ומשא נישט האָבן“.

גאָבאָ האָט פּרובירט אים צו פאַרענטפערן: „אפשר שרעקט ער זיך?“

פּאַלינע האָט אָבער געהאַלטן, אַז זי פאַרשטייט דאָס בעסער: „די מוטער זאָגט, אַז מיט אַזאַ מין נפש איז גלייכער נישט צו האָבן קיין שום געשעפטן“.

באַמבי האָט מיטאַמאָל שטילערהייט אַ פרעג געטון גאָ-באָן: „ווייסטו, וואָס דאָס איז... געפאַר?“

איצטער זענען אויך די איבעריקע צוויי געוואָרן ערנסט, און אַלע דריי האָבן צונויפגערוקט זיך מיט די קעפּ.

גאָבאָ האָט זיך פאַרטראַכט. ער האָט זיך שטאַרק געמיט צו טרעפן, וואָס איז געפאַר, ווייל ער האָט גוט געזען, מיט וואָס פאַר אַ נייגיר באַמבי וואַרט אויף זיין ענטפער: „גע-פאַר...“ האָט ער גענומען שעפּטשען „געפאַר... דאָס איז עפּעס זייער צרהדיקס...“

„יאָ“, איז באַמבי צוגעשטאַנען, שטאַרק צעטראָגן, „עפּעס זייער צרהדיקס... אָבער וואָס?“

אַלע דריי האָט אַזש געשוידערט פון שרעק.

פּלוצלינג האָט פּאַלינע הויך און פריילעך אויסגעשריגן: „געפאַר איז... ווען מען מוז פונדאַנען אַנטלויפן...“ און זי איז אַוועקגעשפרונגען. זי האָט מער נישט געקאָנט שטיין דאָ

און ציטערן. באַמבי און גאָבאָ זענען איר תּיכּף נאָכגעשפּרונ־
גען. זיי האָבן ווידער גענומען שפּילן און זיך לוסטיק מאַכן
אינם רוישנדיקן זייד פון דער לאָנקע, און די ערנסטע פראַגע
האָבן זיי אין איין אויגנבליק פאַרגעסן. אין אַ ווײַלע אַרום זענען
זיי ווידער געשטאַנען צוזאַמען און געפּלוידערט. זיי האָבן
אַריבערגעקוקט צו זייערע מוטערס. יענע זענען געשטאַנען
האַרט איינע לעבן דער אַנדערער, האָבן צוביסלעך געגעסן און
פאַרבראַכט אין אַ רואיקן שמועס.

די מומע ענאַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ רוף
געטון אירע קינדער: „גאָבאָ! פאַלינע! איצטער מוזן מיר באַלד
גיין...“

אויך באַמבין האָט די מוטער דערמאָנט: „קום... עס איז
שוין צייט“.

„נאָך אַ ווײַלינקע“, האָט פאַלינע שטורמיש געבעטן,
„נאָך איין ווײַלינקע“.

אויך באַמבי האָט זייער שטאַרק געבעטן: „לאָמיר נאָך
בלייבן! איך בעט דיך! עס איז אַזוי שיין!“

און גאָבאָ האָט באַשיידן אונטערגעהאַלטן: „עס איז
אַזוי שיין... נאָך אַ ווײַלע“.

זיי האָבן גערעדט אַלע דריי צוזאַמען.

ענאַ האָט אָנגעקוקט די מוטער: „נו, וואָס האָב איך
געזאָגט? איצטער ווילן זיי זיך גאָרנישט צעשיידן“.

דאָ האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט איבערגע־
שטיגן אַלץ, וואָס באַמבין איז היינט אויסגעקומען איבערצו־
לעבן.

פון וואַלד האָט זיך דערטראָגן אַ רעש און אַ געטופּע־
ריי, ריטלעך האָבן געקנאַקט, צווייגן האָבן גערוישט, און איי־
דער מען האָט נאָך געקאָנט באַוויזן אָנצושפּיצן די אויערן,
איז עס אַרויס פון דער וואַלד־געדיכטעניש. פריער איינער
מיט אַ רעש און געקלאַפּעריי, נאָך אים אַ צווייטער מיט אַ
ליאַרעם. ווי אַ שטורעמווינט האָבן זיי זיך אַדורכגעטראָגן אין
אַ ברייטן בויגן דורך דער לאָנקע און צוריק פאַרפאַלן גע־

וואָרן אין וואַלד, אַזוי אַז מען האָט זיי נאָר געהערט גאַלאָפּירן; באַלד האָבן זיי ווידער אַרויסגעשטורעמט פון דער געדיכטעניש, און פּלוצלינג זענען זיי שטיין געבליבן שטיל, אָפּגערוקט איינער פונם אַנדערן אויף צוואָנציק טריט.

באַמבי האָט זיי אָנגעקוקט און האָט זיך נישט דערשראָקן. זיי האָבן אויסגעזען פּונקט ווי די מוטער און די מומע ענאַ. נאָר אויף זייערע קעפּ האָט געבליצט אַ הערנער־קרוין אין ברוינע פּערל מיט ווייסע העלע שפּיצן. באַמבי איז געווען געפּלעפּט. ער האָט נאָר געבליקט פון איינעם צום צווייטן. איינער איז געווען קלענער, און אויך די קרוין זיינע איז געווען באַשיידענער. אָבער דער צווייטער איז געווען מאַיעסטעטיש שיין. ער האָט געטראָגן הויך דעם קאָפּ, און הויך איבערן קאָפּ האָט געבליצט זיין ברייט־צעצווייגטע קרוין. זי האָט געפינקלט מיט טונקעלע און העלע קאָלירן, איז באַצירט געווען מיט דער פּראַכט פון אָן אַ שיער שוואַרצע און ברוינע פּערל און מיט אויסגעשטרעקטע אין פאַרשידענע זייטן שימערירנדיקע ווייסע הערנער־שפּיצן.

„אָ!" האָט פאַלינע אויסגעשריגן מיט ענטוזיאַזם. „אָ!" האָט גאָבאָ שטיל אונטערגעהאַלטן. נאָר באַמבי האָט גאָרנישט געזאָגט. ער איז געווען פאַרכישופט און האָט געשוויגן.

איצטער האָבן די ביידע פרעמדע זיך גענומען באַוועגן, זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין פאַרשידענע זייטן און פּאַמעלעך אַוועק צוריק אין וואַלד. דער מאַיעסטעטישער איז פאַרבייגעגאַנגען גאַנץ נאָענט פאַרביי די קינדער, דער מוטער און דער מומע ענאַ. ער איז פאַרבייגעגאַנגען אין שטילער פּראַכט, טראָגנדיק הויך און קעניגלעך ערנסט דעם געאיידלטן קאָפּ, און האָט קיינעם נישט מזכּה געווען מיט קיין בליק.

די קינדער האָבן נישט געוואַגט צו אָטעמען, ביז וואַנען ער איז נישט פאַרשוווּנדן אין וואַלד. זיי האָבן געווענדעט זייערע בליקן צום צווייטן, נאָר אין זעלבן אויגנבליק האָבן זיך אויך הינטער אים פאַרשלאָסן די גרינע טירן פונם וואַלד.

פּאַלינע איז געווען די ערשטע, וואָס האָט איבערגעריסן דאָס שווייגן. „ווער איז דאָס געווען ?", האָט זי אויסגערופן. איר דרייסטע קינדערשע שטים האָט געציטערט.

„ווער איז דאָס געווען ?" האָט נאָכגעזאָגט גאָבאָ, קוים צו הערן.

באַמבי האָט געשוויגן.

די מומע ענאַ האָט פייערלעך אַרויסגעזאָגט : „דאָס זענען געווען די פּאָטערס".

מער האָט מען שוין נישט גערעדט, און מען איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען. די מומע ענאַ איז אַריין מיט אירע קינדער אין די נאָענטע קוסטעס. דאָרט איז געווען איר וועג. באַמבי מיט זיין מוטער האָבן געמוזט דורכשניידן די גאַנצע לאָנקע, ביז צו דעם דעמב, כדי אַרויסצוקומען אויף זייער שטעגדיקער סטעזשקע. באַמבי האָט אַ לענגערע צייט געשוויגן. ענדלעך האָט ער געפרעגט : „האָבן זיי אונדז נישט געזען ?"

די מוטער האָט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס אים גייט, און האָט זיך אָפּגערופן : „געוויס יאָ, זיי זענען אַלע".

באַמבי האָט געהאַט עגמת-נפש ; ער האָט זיך געשעמט ווייטער צו פרעגן, נאָר עס האָט אים געמאַטערט גוואַלטיק. ער האָט אָנגעהויבן : „פאַרוואָס... ?" און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

די מוטער האָט אים אונטערגעגעבן מוט : „וואָס ווילסטו זאָגן, מיין קינד ?"

„פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט פאַרהאַלטן לעבן אונדז ?"

„זיי פאַרהאַלטן זיך נישט ביי אונדז" האָט די מוטער געענטפערט, „נאָר אַמאָל, ווען-נישט-ווען..."

באַמבי האָט ווייטער געפרעגט : „פאַרוואָס האָבן זיי מיט אונדז נישט גערעדט ?"

די מוטער : „איצטער רעדן זיי נישט מיט אונדז... נאָר אַמאָל, ווען... מען מוז וואַרטן, ביז זיי קומען, און מען מוז וואַרטן, ביז זיי זאָלן מיט אונדז רעדן... ווי זיי איז ליב".

מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ האָט באַמבי געפֿרעגט: „און מײַן פֿאָטער וועט מיט מיר רעדן?"

„געוויס, מײַן קינד", האָט די מוטער פֿאַרזיכערט. „אַז דו וועסט אויסוואַקסן, וועט ער מיט דיר רעדן, און דו וועסט צומאָל מעגן זײַן בײַ אים".

באַמבי איז געגאַנגען אַ שווײַגנדיקער לעבן דער מוטער, אײַנגאַנצן אונטערן אײַנדרוק פֿונם פֿאָטערס דערשײַנען. „ווי שײן ער איז!", האָט ער געטראַכט, און ווידעראַמאָל: „ווי שײן ער איז!"

און פּונקט ווי די מוטער וואָלט געהערט זײַנע געדאַנקען, זי האָט זיך אָפּגערופֿן: „אַז דו וועסט בלײַבן לעבן, מײַן קינד, אַז דו וועסט זײַן קלוג און אויסמײַדן די געפֿאַר, וועסטו אויך אַמאָל זײַן אַזוי שטאַרק און שײן, ווי דער פֿאָטער, און דו וועסט אויך טראָגן אַזאַ שײנע קרוין, ווי ער".

באַמבי האָט טיף געאָטעמט. זײַן האַרץ איז ברייט געוואָרן פֿון גליק און האָפֿענונג.

די צייט איז געגאַנגען, און באַמבי האָט דערוואָרבן פּיל דערפאַרונג און געהאַט צענטליקער איבערלעבונגען. יעדער טאָג האָט געבראַכט עטוואָס נייעס. אָפטמאָל האָט אים אַזש געשווינדלט אין קאָפּ, אַזוי אומגלויבלעך פּיל האָט ער געהאַט צו לערנען.

באַמבי ווייסט שוין, ווי מען דאַרף זיך איינהערן צו אַלץ אַרום. נישט נאָר הערן דאָס, וואָס געשעט אין דער נאָענט און וואָס דונערט פון זיך אַליין אַריין אין די אויערן, ניין, דאָס איז באמת אַ קנאַפּע בריהשאַפט. אָבער ער האָט געקאָנט ווי געהעריק, מיט שכל, צוגייגן דעם אויער צום שטילסטן גע-רויש, פאַרנעמען דעם פיינסטן, איידלסטן קלאַנג, וואָס האָט זיך געטראָגן מיטן ווינט. ער דערקענט, צום ביישפּיל, אַז אָט דאָרטן לויפט צווישן די קוסטעס אַ פאַזאַן; ער האָט גוט געקענט דעם צאַרטן קלאַנג פון זיין שפּרינגעוודיקן גאַנג. ער דערשפּירט אויך, ווען די וואַלדמייז לויפן אַהין און צוריק זייער קורצן וועג; דאָס גלייכן, ווען די מוילוואָרפן זענען אין אַ גוטער שטימונג און יאָגן זיך אַרום אין אַ קרייז אונטער אַ האָליונדער-קוסט און ס'הערט זיך קוים אַ שאָרך פון זיי. ער האָט געקענט דאָס דרייסטע העלע רופן פון די פאַלקן, און לויט זייער בייז-געענדערטן טאָן האָט ער שוין דערקענט, ווען אַ שפּאַרבער אָדער אַן אָדלער געפינט זיך נאָענט און די פאַלקן האָבן מורא, יענע זאָלן נישט פאַרכאַפּן זייער נעסט. ער האָט געוווסט, ווי די וואַלד-טויבן פאַטשן מיט די פליגל, ווי די ענטלעך באָדן זיך, און נאָך פיל אַנדערע זאַכן.

ער האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעלערנט אויך צו דער-שמעקן זאַכן. באַלד וועט ער דאָס קאָנען שוין נישט ערגער פאַר דער מוטער. ער קאָן אַריינציען די לופט, שפּירן אַלע אירע ריחות און פאַרשטיין, פון וואַנען זיי נעמען זיך. אָ, דאָס זענען דרייבלאַט און בעזימל, טראַכט ער, ווען דער ווינט ווייעט אַהערצו פון דער לאָנקע. יאָ, דאָרטן דרויסן געפינט זיך איצטער אויך דער פריינד האָז; איך שפּיר דאָס זייער געגוי. ווייטער, ער דערקענט צווישן די ריחות פון די טרו-

קענע בלעטער, ערד, ציבעלע און יאַסמען, אַז דאָ ערגעץ גייט פאַרביי דער טכויר; שנאַפּנדיק גרינטלעך מיט דער נאָז דעם באָדן, האָט ער געקאָנט וויסן, צי איז דער פוקס דאָ נישט געווען אונטערוועגס; ער פלעגט אויך דערשפּירן: דאָ ערגעץ־ווו אין דער נאָענט געפינען זיך קרובים, די מומע ענאַ מיט די קינדער.

ער פילט זיך שוין איצט גאַנץ היימלעך ביינאַכט, און ער האָט שוין דעריבער נישט אַזאַ שטאַרקן חשק אַרומצולויפן בייטאָג. גאַנץ גערן ליגט ער איצט אָפּ גאַנצע טעג אין דער קליינער טונקעלער בלעטער־קאַמער לעבן זיין מוטער. ער הערט, ווי די לופט ווערט פאַרסמאַליעט פון היץ, און שלאָפט. פון צייט צו צייט וואַכט ער אויף, האָרכט זיך איין, שנאַפּט, צי אַלץ איז בשלום. אַלץ איז אין אָרדענונג. נאָר די קליינע בלויפויגלען פלוידערן אַביסל, די גראָז־מוקן, וואָס קאָנען כמעט קיינמאָל שטיל נישט זיין, שמועסן צווישן זיך, און דיווילדע טויבן דעקלאַמירן כסדר זייערע ענטוזיאַסטישע צערט־לעכקייטן. וואָס גייט דאָס אַלץ אים אָן? ער שלאָפט ווידער איין.

די נאַכט איז אים איצטער זייער געפעלן. אַלץ איז מונטער, אַלץ איז אין באַוועגונג. נאַטירלעך, מען דאַרף אויך ביינאַכט זיין אויפמערקזאַם, אָבער פאָרט איז מען זאָרגלאָזער, און מען קאָן גיין, ווו מען וויל. און אומעטום טרעפט מען באַקאַנטע, און אַלע פילן זיך פיל פרייער, ווי אין אַן אַנדער צייט. ביינאַכט איז דער וואַלד שטיל און פייערלעך. בלויז אַ פּאָר שטימען הילכן העל אַדורך אין דער שטילקייט, אָבער זיי קלינגען אַנדערש, ווי די שטימען פונם טאָג און מאַכן אַ שטאַרקערן רושם. באַמבי האָט גאַנץ גערן געהאַט די סאָווע. זי פליט אַזוי לייטיש, אַזוי שטיל און לייכט. נאָר דאָס זומערפייגעלע פליט נאָך אויך אַזוי גערוישלאָז, אָבער די סאָווע איז דאָך אַזאַ מעכטיק־גרויסע, און זי האָט אַזאַ חשובן אויסדרוקפולן געזיכט, מיט אַזויפיל געדאַנק און אַנטשלאָסנקייט, און הער־לעכע אויגן. באַמבי האָט באַוווּנדערט איר פעסטן, רואיקן און

מוטיקן בליק. ער האָט ליב געהאַט איינצוהאָרכן זיך, בעת זי פלעגט אַמאָל ריידן מיט דער מוטער אָדער מיט עמיצן אַנ־דערש. ער פלעגט דעמאָלט שטיין אין דער זייט, אַביסעלע מיט מורא פאַר איר באַפעלערישן בליק, וועלכן ער האָט שטאַרק באַוווּנדערט, און פלעגט אַפילו נישט פיל פאַרשטיין פון אירע קלוגע רייד. אָבער ער האָט געוווּסט, אַז זי רעדט קלוג, און ער איז פול געווען פאַר איר מיט אַנטציקונג און פאַרערונג. דערנאָך פלעגט די סאָווע אָנהויבן איר געזאַנג.

האַ—אַ—אַה — — האַ—האַהאַ — האַאַ—אַה ! — זינגט זי. עס קלינגט גאָר אַנדערש, ווי דאָס געזאַנג פונם דראָסל אָדער פונם גאָלדאַמזל, אַנדערש אויך ווי דאָס פריינדלעכע גערעדע־ריי פון דער קוקאַווקע. אָבער באַמבי האָט ליב געהאַט דאָס נאַכט־געזאַנג פון דער סאָווע, ווייל ער האָט אין אים געפילט אַ געהיימנישפולן ערנסט, טיפע חכמה און אומבאַגרייפלעכן צער. נאָכדעם איז נאָך פאַראַן די שפּער־סאָווע, אַ רייצנדיקע קליינע ווייסע־חברהניצע, פיפיק, לעבעדיק און שרעקלעך ניי־גיריק. זי האָט נאָר ליב אויפטוען. אוּ—איק ! אוּ—איק ! — שרייט זי מיט אַ פאַרדריקטער, שרעקלעך שניידנדיקער שטים. מען קאָן מיינען, אַז זי געפינט זיך אין טויט־שרעק. אָבער זי איז אין דער בעסטער שטימונג און איז מלא שמחה, אויב זי האָט וועמען איבערגעשראָקן. אוּ—איק ! — שרייט זי מוראדיק הילכיק, אַזוי אַז אין וואַלד הערט מען זי אויף אַ האַלבּ־שעהדיקן מהלך. באַלד נאָכדעם אָבער פאַרגייט זי זיך אין אַ שטילן גאָרגלדיקן געלעכטער, און דאָס הערט שוין נאָר דער, וואָס געפינט זיך גאַנץ נאָענט צו איר. באַמבי איז דער־גאַנגען, אַז דער שפּער־סאָווע טוט הנאה, ווען מען דערשרעקט זיך, אָדער ווען מען מיינט, אַז איר האָט אַן אומגליק פּאַ־סירט. פון דעמאָלט אָן לאָזט ער נישט אַדורך קיין געלעגנ־הייט, בעת ער איז נאָענט פון איר, צוצוגיין און פרעגן: „איז אייך, חלילה, עפּעס געשען ?", אָדער צו זאָגן מיט אַ זיפץ : „אוי, האָב איך זיך דאָס דערשראָקן !" די שפּער־סאָווע פלעגט האָבן נחת־רוח : „יאָ, יאָ", פלעגט זי זאָגן מיט אַ גע־

לעכטער: „דאָס קלינגט זייער יאָמערפול”. זי צעבלאָזט באַלד
די פעדערן, זעט אויס ווי אַ גרויער ווייכער קנויל, און איז
פּישופדיק שיין.
אַ פּאָר מאָל זענען געווען געוויטערס. בייטאָג און ביי-
נאַכט. דאָס ערשטע מאָל איז דאָס געווען בייטאָג, און באַמ-
בי האָט געפילט, ווי אַ פּחד באַהערשט זיין געמיט, בעת אין
זיין בלעטער-קאַמער איז געוואָרן אַלץ פינצטערער און פינצטע-
רער. עס איז געווען אַזוי, ווי אין מיטן טאָג וואָלט פון
פון הימל אַרונטערגעפאַלן די נאַכט. אַז דער שטורעם האָט
מיט אַ געבריל אַריינגעריסן זיך אין וואַלד, און די שטומע
בוימער האָבן אָנגעהויבן הויך צו קרעכצן, האָט באַמבי געצי-
טערט פון שרעק. און אַז די בליצן האָבן אויפגעלויכטן און
דער דונער האָט געקנאַלט, איז באַמבי שיער נישט משוגע
געוואָרן פון מורא, און ער האָט געמיינט, אַז די וועלט ווערט
צעבראָכן אויף פּיצלעך. ער איז נאָכגעלאָפן זיין מוטער, וואָס
איז אויפגעשפּרונגען אַביסל צעמישט און איז אומגעגאַנגען
אַהין און צוריק אין געדיכטן וואַלד. ער האָט נישט געקאָנט
טראַכטן, נישט געקאָנט באַהערשן זיך. דערנאָך האָט אַ
שלאַקס-רעגן גענומען פאַלן מיט כּעס. אַלץ האָט זיך פאַרבאַ-
האַלטן, דער וואַלד איז געוואָרן פּוסט, און ווו זיך ראַטעווען
איז נישט געווען. אין די געדיכטסטע קוסטעס האָט דער רעגן
דערגרייכט און געשמיסן. אָבער אָט האָבן די בליצן אויפגע-
הערט, זייער פייערדיקער שטראַל האָט מער נישט אויפגע-
פלאַמט צווישן די בוימער-שפּיצן; דער דונער האָט זיך דער-
ווייטערט, מען האָט אַ שטיקל צייט נאָך געהערט זיין ווייטן
קנאַל, און דערנאָך איז ער אינגאַנצן שטיל געוואָרן. איצט
איז דער רעגן אויך מילדער געוואָרן. זיין ברייטער גערויש
האָט נאָך ביי אַ שעה גלייכמעסיק קרעפּטיק געהילכט. דער
וואַלד איז שטיל געשטאַנען, טיף געאָטעמט און געלאָזט זיך
באַגיסן, און קיינער האָט מער נישט געהאַט קיין פּחד. דאָס
דאָזיקע געפיל איז אַוועק, דער רעגן האָט עס אַראָפּגע-
שווענקט.

קיינמאָל נאָך איז די מוטער מיט באַמבין אַזוי פריי ניִשט געגאַנגען אויף דער לאָנקע, ווי אין אָט דעם אָוונט. איינגטלעך, איז נאָך גאָר אָוונט ניִשט געווען. די זון איז נאָך הויך געשטאַנען אין הימל, די לופט איז געווען מחיהדיק פריש, זי האָט געשמעקט שטאַרקער ווי פריער, און דער וואַלד האָט געזונגען מיט טויזנטער קולות ווייל אַלע זענען פון זייערע לעכער אַרויס, און מען האָט זיך אַרומגעיאָגט, און יעדערער האָט געוואָלט וואָס גיכער אויסדערציילן זיינע איבערלעבונגען.

איידער זיי זענען אַרויס אויף דער לאָנקע, זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען דעם גרויסן דעמב, וואָס איז געשטאַנען כמעטביים ראַנד פון וואַלד, האַרט ביי זייער סטעזשקע. זיי האָבן תמיד, אויפן וועג צו דער לאָנקע, געמוזט גיין פאַרביי אָט דעם שיינעם גרויסן בוים. איצטער איז אויף איינעם אַ צווייג געזעסן די וועווערקע און האָט זיי באַגריסט. באַמבי האָט זייער גוט געלעבט מיט דער וועווערקע. ביים ערשטן טרעפן זיך האָט באַמבי, צוליב איר רויטן מלבוש, זי אָנגענומען פאַר אַ קלייניקע אינד, און האָט זי אָנגעקוקט פאַרגאַפט. נאָר באַמבי איז נאָך דעמאָלט באמת געווען צו קינדיש, און ער האָט נאָך קיין זאַך ניִשט פאַרשטאַנען. גלייך פון אָנהויב האָט די וועווערקע ביי אים שטאַרק אויסגענומען. זי איז געווען זייער מאַנירלעך, זייער ליבלעך אין שמועסן, און באַמבי האָט באַוואונדערט אירע גלענצנדיקע פעיקייטן צו טורנען, קלעטערן, שפרינגען און באַלאַנסירן. אינמיטן געשפרעך פלעגט זי זיך אַדורכלויפן אַרויף און אַראָפ איבערן גלאַטן בוים-שטאַם, ווי דאָס וואָלט געווען די פשוטסטע זאַך. און אָט זיצט זי שוין אויף אַ צווייג, וואָס שאָקלט זיך, זיצט אָנגעלענט באַקוועם אויף איר געדיכטן ווידל, וואָס שטאַרצט גראַציעז פון הינטער איר; זי ווייזט איר ווייסע ברוסט, מאַכט תנועות מיט די קליינע פאָדערשטע לאַפקעס, בייגט דעם קאָפ אַהער און אַהין, לאַכט מיט די פריילעכע אויגן, און אין איין רגע שיט זי אויס אַ שאָק מיט וויציקע און אינטערעסאַנטע זאַכן. און אָט

איז זי ווידער אונטן, אַזוי ראַפּטום און מיט אַזעלכע שפּרונ־
גען, אַז מען מוז מיינען, אַז אָט וועט זי זיך אַראָפּקוליען
עמיצן אויפן קאָפּ. האַסטיק גיט זי אַ פּאַכע מיט איר לאַנגן,
רויטן ווײדל; און אָט — זי גרייט זיך שוין פון אויבן אינ־
דערהויך: „גוט מאָרגן! גוט מאָרגן! זייער פיין פון אייך,
וואָס איר זענט געקומען!"

די מוטער און באַמבי זענען געבליבן שטיין.

די וועווערקע איז אַרונטערגעלאָפן מיטן גלאַטן שטאַם.
„נו", האָט זי געפּלוידערט, „...זענט איר גוט אַרויס פונם עסק?
באַטירלעך, איך זע, אַז אַלץ איז ווי אַמבעסטן. דאָס איז דאָך
דער עיקר". בליצשנעל איז זי ווידער אַרויפגעלאָפן אויפן
שטאַם און געזאָגט דערבײַ: „דאָ אונטן איז פאַר מיר דאָך
צו נאַס. וואַרט צו, זייט מוחל, איך וועל מיר אויסזוכן אַ
בעסערן פּלאַץ. איך האָף, אַז דאָס שטערט אייך נישט? אַ
שיינעם דאַנק. איך האָב טאַקע אַזוי געטראַכט, אַז דאָס שטערט
אייך נישט. און מען קאָן אויך פון דאַנען פריי שמועסן".

זי איז אומגעלאָפן אַהין און צוריק איבער אַ גלייכן
צווייג. „איז דאָס געווען אַ גיהינום!", האָט זי פּאָרגעזעצט,
„איז דאָס געווען אַ ווילדער ליאַרעם! נו־נו, איר ווייסט גאָר־
נישט, ווי איך האָב זיך דערשראָקן. מען פאַרשטעקט זיך
שטיל אין אַ ווינקעלע, און עס איז אַ מורא צו רירן זיך.
דאָס איז די ערגסטע צרה, — זיצן און נישט טאָרן רירן זיך.
מען האָפט, אמת, אַז עס וועט גאָרנישט נישט געשען. נו, און
מיין בוים איז אין אַזעלכע פאַלן גרויסאַרטיק. ניין, דאָס איז
שוין אַזוי, מיין בוים איז גרויסאַרטיק... דאָס מוז איך מודה זיין,
איך בין צופרידן. איך ווינטש זיך גאָרנישט קיין בעסערן.
אָבער ביי אַזאַ האַרמידער, ווי היינט, רעגט מען זיך דאָך
שרעקלעך אויף".

די וועווערקע איז איצטער געזעסן אָנגעלענט אויף איר
שיינעם שטאַרצנדיקן ווײדל, האָט געוויזן איר ווייסע ברוסט,
און מיט געפיל צוגעדריקט די פאָדערשטע לאַפּקעס צום האַרצן.

מען האָט איר געקאָנט גריילעך גלויבן, אַז זי האָט זיך אויפ־געגרעגט.

„מיר גייען איצטער אויף דער לאָנקע", האָט די מוטער געזאָגט, „כּדי אויסצוטריקענען זיך אויף דער זון".

„אָט דאָס איז אַ טייערער איינפאַל", האָט די וועווערקע אויסגערופן, „איר זייט אַ חכמה! אמת, איך זאָג שטענדיק, אַז איר זייט אַ חכמה". מיט איין שפּרונג איז זי געווען שוין אויף אַ העכערן צווייג. „דאָס בעסטע, וואָס איר קאָנט איצ־טער טון, איז גיין אויף דער לאָנקע", האָט זי פון דאָרטן אַראָפּגעשריגן. דאַן האָט זי מיט לייכטע שפּרונגען דורכגע־וויגט זיך קרייץ און קווער דורך דער קרוין פונם בוים. „איך וויל אויך העכער, כּדי צו האָבן זון", האָט זי אַ צופרידענע געפּלאַפּלט. „מען איז אינגאַנצן דורכגענעצט! איך וועל אַרויף אויפן סאַמע שפּיץ!" איר האָט קנאַפּ־וואָס געאַרט, צי מען הערט זי נאָך, צי שוין נישט.

די לאָנקע איז שוין געווען גאַנץ באַלעבט. פריינד האָז איז דאָ געווען מיט זיין גאַנצער משפּחה. מומע ענאַ איז גע־שטאַנען דאָרטן מיט אירע קינדער און מיט נאָך אַנדערע באַקאַנטע. היינט האָט באַמבי ווידער געזען די פּאַטערס. זיי זענען פּאַמעלעך אַרויס פון וואַלד, איינער פון דאַנען, דער צווייטער פון אַנטקעגן, און אַפילו אַ דריטער האָט זיך באַ־וויזן. פּאַמעלעך זענען זיי אַרומגעגאַנגען איבער דער לאָנקע אַהין און צוריק, ביים ראַנד פון וואַלד, יעדערער אויף זיין שטח. זיי האָבן אויף קיינעם קיין אַכט נישט געלייגט, אַפילו צווישן זיך האָבן זיי אויך נישט גערעדט. באַמבי האָט אָפּט צו זיי אַריבערגעקוקט מיט דרך־ארץ און נייגיר.

דערנאָך האָט ער גענומען פּאַרברענגען מיט פּאַלינען, גאָבאָן און מיט עטלעכע אַנדערע קינדער. ער האָט געהאַלטן, אַז מען קאָן אַביסעלע אַ שטיף טון. אַלע האָבן איינגעשטימט, און דאָס אַרומקרייזן האָט זיך אָנגעהויבן. פּאַלינע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר דער סאַמע פריילעכסטער פון אַלע. זי איז געווען זעלטן פריש און געשיקט, און האָט געשפּרודלט מיט

פלוצימדיקע איינפאַלן. אָבער גאָבאָ האָט באַלד געפילט זיך פאַרמאַטערט. דאָס געוויטער האָט אים שרעקלעך אָנגעשראָקן, און ער האָט געקריגן האַרצקלאַפעניש, וואָס האָט ביי אים נאָך איצטער אָנגעהאַלטן. גאָבאָ איז בכלל געווען אַ שוואַכינקער; נאָר באַמבי האָט אים ליב געהאַט: ער האָט אויסגענומען ביי באַמבין מיט זיין גוטסקייט, גרייטווויליקייט און מיט זיין שטענדיקער אומעטיקייט, וועלכע ער האָט זיך באַמיט צו פאַרבאָרגן פון די אַרומיקע.

די צייט איז געגאַנגען, און באַמבי האָט שוין געוווּסט, ווי געשמאַק עס שמעקן די גראָזבעזימלעך, ווי צאַרט עס זענען די בלעטערקנאָספּן און ווי זיס עס איז דער דרייבלאַט. עס פלעגט אָפּט פּאַסירן, אַז ווען ער האָט זיך געשטויסן צו דער מוטער אויף צו דערקוויקן זיך, פלעגט זי אים נישט צולאָזן. „ביסט דאָך שוין נישט קיין קליינינקער", פלעגט זי זאָגן. אָפּט פלעגט זי אָן שום מחזקות אים אַ זאָג טון: „גיי, לאָז מיך צורו". עס האָט שוין געטראָפן, אַז די מוטער שטייט אויף אין דער קליינער וואַלדקאַמער, אינמיטן טאָג, און גייט זיך אַוועק, און קוקט זיך גאָר נישט אום, צי באַמבי גייט איר נאָך, אָדער נישט. עס האָט שוין געמאַכט זיך, בעת זיי פלעגן וואַנדערן מיט זייער געוויינלעכן וועג, אַז די מוטער באַמערקט עפּעס אינגאַנצן נישט, אַז באַמבי לויפט איר געטריי נאָך. אין איין שיינעם טאָג איז די מוטער אַוועק. באַמבי האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, ער האָט זיך דאָס בשום אופן נישט געקאָנט דערקלערן. אָבער די מוטער איז אַוועק, און באַמבי איז צום ערשטן מאָל אַליין.

ער וווּנדערט זיך, ער ווערט אומרואיק, ער קלעמט זיך און שרעקט זיך, און הויבט אָן מוראדיק צו בענקען. ער שטייט, אַן אומעטיקער, און רופט. קיינער ענטפערט נישט, קיינער קומט נישט.

ער האָרכט זיך איין, ער שנאַפּט. גאָרנישט.

ער רופט ווייטער, גאַנץ שטיל, אין־זיך, האַרצרייסנדיק:

„מאַמע... מאַמע..." אומזיסט.

ער איז געוואָרן פאַרצווייפלט, מער אויסהאַלטן נישט גע־קאָנט, און גענומען גיין.

ער וואַנדערט דורך דער באַקאַנטער גאַס, שטעלט זיך אָפּ און רופט, וואַנדערט ווידער מיט אומזיכערע טריט, דער־שראָקן און פאַרלוירן. ער איז זייער טרויעריק.

ער גייט אַלץ ווייטער און קומט צו גאַסן און סטעזש־קעס, מיט וועלכע ער איז נאָך קיינמאָל נישט געגאַנגען, קומט אין געגנטן, וואָס זענען אים ווילד־פרעמד. ער האָט שוין פאַר־לוירן דעם וועג.

מיטאַמאָל הערט ער צוויי קינדערשטימען, ווי זיי רופן:

„מאַמע... מאַמע...!"

ער שטייט און האָרכט.

באמת, דאָס זענען גאַבאָ און פאַלינע. דאָס מוזן זיין זיי.

ער לויפט גיך נאָך די שטימען, און זעט באַלד רויטע מאַנטלען שימערן דורך די בלעטער. גאַבאָ און פאַלינע. זיי שטייען פאַרמרה־שחורהט אונטער אַ האַרטריגל, איינס לעבן אַנ־דערן און רופן: „מאַמע... מאַמע!..."

אַז זיי האָבן אין די קוסטעס דערהערט אַ גערויש, האָבן זיי זיך דערפרייט. אַז זיי האָבן אָבער דערקענט באַמבין, זע־נען זיי געוואָרן אַנטוישט. דערנאָך האָבן זיי זיך פאָרט מיט אים אַביסל געפרייט. און באַמבי איז געווען צופרידן, וואָס ער איז שוין נישט אינגאַנצן אַליין.

„מיין מוטער איז אַוועק", האָט באַמבי געזאָגט.

„אונדזערע איז אויך אַוועק", האָבן געענטפערט גאַבאָ און פאַלינע. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט, און געווען שטאַרק צעטראָגן און פאַרחידושט.

„ווו קאָנען זיי זיין?", האָט באַמבי געפרעגט; ער האָט שיער נישט געכליפּעט.

„איך ווייס נישט", האָט געזאָגט גאַבאָ. ער האָט געהאַט האַרצקלאַפּעניש און געפילט זיך פאַרלוירן און הילפלאָז.

פּלוצלינג האָט פאַלינע אַ זאָג געטון: „איך מיין... זיי זענען ביי די פאָטערס..."

גאָבאָ און באַמבי האָבן זי דערשטוינט אָנגעקוקט. זיי האָט גלייך באַהערשט אַ געפיל פון רעספּעקט. „מיינסט... ביי די פּאָטערס?“, פרעגט באַמבי און ציטערט.

פאַלינע ציטערט אויך, נאָר זי מאַכט אַ געהיימנישפול געזיכט. זי האָט אַ מינע, ווי זי וואָלט געוווּסט מער נאָך, ווי דאָס, וואָס זי איז גרייט אויסצוזאָגן. אינדעראמתן ווייסט זי גאָרנישט. זי ווייסט אפילו נישט, פאַרוואָס איר איז דאָס איינגעפאַלן. פונדעסטוועגן, בעת גאָבאָ פרעגט איבער: „מיינסטו טאַקע אַזוי?“, מאַכט זי אַ קלוגע מינע און באַשטעטיקט געהיימנישפול: „יאָ, אַזוי מיין איך“.

דאָס איז שוין, ווייניקסטנס, אַ השערה. און מען קאָן וועגן איר טראַכטן. דאָך ווערט באַמבי דערפון נישט רואיקער. ער קאָן גאָרנישט טראַכטן, ער איז צו אויפגערעגט און צו טרויעריק.

ער גייט אַוועק. ער איז נישט אימשטאַנד צו פאַרבלייבן אויף איין אָרט. פאַלינע און גאָבאָ האָבן אים באַגלייט אַ שטיקל וועג. אַלע דריי האָבן זיי גערופן: „מאַמע... מאַמע...“ נאָר פאַלינע און גאָבאָ האָבן זיך אָפּגעשטעלט; זיי האָבן מורא צו גיין ווייטער. פאַלינע זאָגט: „צוליב וואָס? די מוטער ווייסט, וווּ מיר זענען. לאָמיר דאָ זיין, וועט זי אונדז שוין געפינען, בעת זי וועט צוריקקומען“.

באַמבי גייט אַליין. ער וואַנדערט דורכן געדיכטן וואַלד, און קומט צו צו אַ נאַקעטן קליינעם פּלאַץ. ער שטעלט זיך אָפּ אינמיטן פּלאַץ. ער איז פּלוצלינג ווי צוגעשמידט און קאָן זיך נישט רירן.

דאָרטן, ביים ראַנד פון פּלאַץ, אינם הויכן נוס-וועלדל, שטייט אַ פיגור. באַמבי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ מין פיגור. גלייכצייטיק האָט די לופט געבראַכט אים אַ ריח, וואָס ער האָט אַזעלכן נאָך קיינמאָל נישט געשפּירט. אַ פרעמדער ריח, שווער און שאַרף, און אויפרעגנדיק—ביז משוגע צו ווערן.

באַמבי האָט באַטראַכט די פיגור. זי איז משונהדיק גלייך,

זייער שמאָל, און זי האָט אַ בלאַס געזיכט, וואָס איז אַרום דער נאָז און אַרום די אויגן איינגאַנצן נאַקעט, שרעקלעך נאַקעט. און אַ גרויל גייט פון דעם געזיכט. קאַלטע שרעק. דאָס געזיכט האָט אַ מוראדיקע קראַפט, פון וועלכער מען ווערט ווי געליימט. עס איז אומדערטרעגלעך פיינלעך צו זען דאָס געזיכט, און דאָך שטייט באַמבי און קוקט און קאָן זיך נישט אָפּווענדן.

די פיגור בלייבט אַ צייט אומבאַוועגלעך. דערנאָך שטרעקט זי אויס אַ פוס, וועלכן זי האָט גאָר אינדערהויך, נאָענט פון געזיכט. באַמבי האָט לכתחילה גאָר נישט באַמערקט, אַז אַזאַ איז פאַראַן. איצטער האָט דערדאָזיקער אימהדיקער פוס זיך אויסגעצויגן גלייך אין דער לופט. שוין די דאָזיקע תנועה אַליין האָט באַמבין איבערגעשראָקן אויף טויט. ער האָט געטראָגן זיך, ווי אַ פעדערל אויפן ווינט. אין איין אויגנבליק איז ער ווידער אין דער וואַלד־טיפעניש, דאָרטן, פון וואַנען ער איז אַרויס. און ער לויפט.

מיטאַמאָל האָט זיך די מוטער אויך באַוויזן. זי שפּרינגט לעבן אים דורך קוסטעס און שטרויכן, זיי לויפן ביידע מיט אַלע כוחות. די מוטער פירט, זי ווייסט דעם וועג, און באַמבי לויפט איר נאָך. זיי זענען אַזוי געלאָפן, ביז זיי זענען געקומען צו זייער קאַמער.

„האָסטו... געזעען?", האָט די מוטער שטיל געפרעגט.

באַמבי האָט נישט געקאָנט ענטפערן. ער האָט נישט געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. ער האָט נאָר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

„דאָס... איז געווען... ע ר", האָט געזאָגט די מוטער, און זיי האָבן ביידע געציטערט.

באַמבי פלעגט נאָך אָפט בלייבן אַליין. נאָר ער האָט שוין מער נישט אַזוי מורא געהאַט, ווי דאָס ערשטע מאָל. זיין מוטער פלעגט נעלם ווערן, און דאַן האָט ער געמעגט רופן, וויפל ער וויל — עס האָט נישט געהאָלפן. אָבער אומ-דערוואַרט פלעגט זי צוריקקומען, און ווידער פאַרבלייבן מיט אים, ווי פריער.

אין איינער אַ נאַכט איז באַמבי ווידעראַמאָל אַרומגע-גאַנגען אַ פאַרלאָזענער. ער האָט אַפילו גאָבאָן און פאַלינען אויך נישט געפונען. דער הימל איז שוין געוואָרן גרויליך, עס האָט גענומען שאַריען אויף באַגינען. מיטאַמאָל האָט ער פון צווישן די קוסטעס דערהערט אַ גערויש, עפּעס האָט זיך לאַנג געשאַרט צווישן די בלעטער. און עס האָט זיך אַדורכ-געטראָגן די מוטער. האַרט הינטער איר איז שנעל דורכגע-לאָפן נאָך עמיץ.

באַמבי האָט נישט געוווּסט, ווער דאָס איז געווען: דער פאָטער, די מומע ענאַ, אָדער עמיצער אַנדערש. די מוטער האָט ער אָבער תיכף דערקענט, נישט געקוקט אויף דעם אימ-פעט, מיט וועלכן זי האָט זיך פאַרבייגעטראָגן. ער האָט פאַר-נומען איר שטים. זי האָט געשריגן, און באַמבי האָט עס אָנ-גענומען פאַר אַ שפּיל, הגם אין איר געשריי האָט אָפּגעקלונ-גען אויך אַביסל מורא.

אַ צווייט מאָל איז דאָס געווען בייטאָג. באַמבי האָט זיך שעהנלאַנג אַרומגעבלאָנקעט אין וואַלד. לסוף האָט ער אָנגע-הויבן רופן. נישט אַזוי צוליב דעם, וואָס ער האָט געבענקט; ער האָט גלאַט מער נישט געוואָלט זיין אַליין. ער האָט גע-פילט, אַז אָט באַלד וועט אים ווערן קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. און ער האָט אָנגעהויבן צו רופן די מוטער.

פלוצלינג איז דערשינען לעבן אים איינער פון די פאָ-טערס און האָט אים שטרענג אָנגעקוקט. באַמבי האָט אים נישט געהערט קומען און האָט זיך דערשראָקן. דער אַלטער האָט אויסגעזען מוראדיקער פון אַלע אַנדערע, העכער און שטאָל-

צער. זיין מאַנטל האָט געפלאַמט מיט אַ טיפער טונקעלער רויט-קייט, אָבער זיין געזיכט האָט געשימערט מיט זילבערגרוי, און מעכטיק האָט איבער די שפּילנדיקע אויערן געשטאַרצט אַ הויכע שוואַרצגעפּערלטע קרוין. „וואָס שרייסטו?“, האָט דער אַלטער שטרענג געפרעגט. באַמבי האָט געציטערט פאַר דרך-ארץ און נישט געוואַגט צו ענטפערן. „דיין מוטער האָט איצטער נישט קיין צייט פאַר דיר“, האָט פאַרגעזעצט דער אַלטער. באַמבין האָט דידאָזיקע באַפעלערישע שטים אינגאַנצן צעשמעטערט, אָבער גלייכצייטיק האָט ער זי באַוווּנדערט. „קאָנסטו דען נישט זיין אַליין? מעגסט זיך שעמען!“ באַמבי האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער קאָן גאַנץ גוט זיין אַליין, אַז וויפל מאָל איז ער שוין געוועזן אַליין, נאָר ער האָט נישט אַרויסגעבראַכט קיין איינציק וואָרט. ער האָט זיך מוראדיק פאַרשעמט. דער אַלטער האָט זיך אָפּגעקערט און איז פאַרשוווּנדן. באַמבי האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי און וווהין, ער האָט נישט געוווּסט, צי איז דער אַלטער אַוועק שנעל אָדער פּאַמעלעך. ער איז בעלם גע-וואָרן אַזוי ראַפּטום, ווי ער איז געקומען. באַמבי האָט זיך אָנגעשטרענגט צוגעהאָרכט, אָבער ער האָט נישט אויפגעכאַפּט קיין שום זיך דערווייטערנדיקע טריט, ער האָט נישט געהערט, אַז אַ בלעטעלע זאָל זיך אַ ריר טון. ער האָט געמיינט דערי-בער, אַז דער אַלטער מוז נאָך זיין ערגעץ-ווו דאָ נאָענט, און ער האָט געפּרוּווט די לופט אין אַלע זייטן. זי האָט אים, אָבער, קיין שום ריח נישט געבראַכט, באַמבי האָט לייכטער אָפּגע-אָטעמט, — וואָס ער איז שוין ווידער אַליין. דערביי האָט ער אָבער דערפילט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג נאָכאַמאָל זען דעם אַלטן און נושא-חן זיין ביי אים.

אַז די מוטער איז שפּעטער געקומען, האָט ער איר קיין וואָרט נישט דערציילט פון דער באַגעגעניש. ער האָט זי שוין מער נישט גערופן, ווען זי איז ווידער פאַרשוווּנדן. בעת ער פלעגט איצט אַרומבלאָנקען זיך איינער אַליין, האָט ער גע-טראַכט וועגן אַלטן; זיין הייסער ווונטש איז געווען צו טרעפן

דעם אַלטן און אים זאָגן: „איר זעט, איך רוף נישט". און דער אַלטער וועט אים לויבן.

אָבער מיט גאָבאָן און פאַלינען האָט ער וועגן דעם גערעדט, ווען זיי האָבן ווידער צוזאַמען פאַרבראַכט אויף דער לאָנקע. זיי האָבן געשפּאַנט אויסגעהערט, און האָבן נישט גע־האַט צו דערציילן קיין שום איבערלעבונג, וואָס זאָל זיך גלייכן צו באַמביס. „האָסטו נישט מורא געהאַט?", האָט גאָבאָ אויפגערעגט געפרעגט. אָבער! באַמבי האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט מורא געהאַט, אָבער נאָר אַ קאַפּעטשקע. „איך האָלט געוואָרן אַ פאַרציטערטער", האָט גאָבאָ דערקלערט. באַמ־בי האָט דערווידערט: „ניין, צופיל פּחד איז נישט געווען, ווייל דער אַלטער איז געווען הערלעך". גאָבאָ האָט געהאַלטן, אַז אים וואָלט דאָס ווייניק וואָס געהאָלפן. „איך וואָלט פאַר אימה גאָר נישט געווען בכוח אים אָנצוקוקן. אַז איך שרעק זיך, שווינדלט מיר גלייך פאַר די אויגן, און איך קאָן גאָר־נישט זען, און מיין האַרץ קלאַפּט אַזוי שטאַרק, אַז איך קאָן נישט אָטעמען". פאַלינע האָט פאַרטיפט זיך אין מחשבות, און נישט געזאָגט גאָרנישט.

ווען זיי האָבן, אָבער, געטראָפן זיך דאָס נאָענטסטע מאָל, זענען גאָבאָ און פאַלינע עפּעס זייער געשמיידיק צוגעשפּרונגען צו אים. זיי זענען, פּונקט ווי באַמבי, ווידער געווען אַליין. „מיר זוכן דיך אַרום די גאַנצע צייט", האָט גאָבאָ אויסגערופן. „יאָ", האָט פאַלינע געזאָגט מיט זייער אַן ערנסטן טאָן, „מיר ווייסן שוין גאַנץ גענוי, ווער דאָס איז געווען, וועמען דו האָסט געזען". באַמבי איז אויפגעשפּרונגען פון נייגיר. „ווער, ווער..?"

פאַלינע האָט פייערלעך דערציילט: „דאָס איז געווען דער אַלטער פירשט".

„פונוואַנען ווייסט איר דאָס?", האָט באַמבי געפרעגט.

„פון אונדזער מוטער", האָט פאַלינע אָפּגעענטפערט.

באַמבי איז געווען דערשטוינט. „האָט איר דען איר דערציילט די געשיכטע?"ביידע האָבן מיט אַ צייכן באַשטע־

טיקט. „דאָס איז דאָך געווען אַ סוד!", האָט באַמבי אַ דער-צערנטער אויסגעשריגן.

גאָבאָ האָט זיך תיכף אַנטשולדיקט: „נישט איך האָב דאָס געטון, נאָר פאַלינע". אָבער פאַלינע האָט מונטער אויסגערופן: „ווייס איך דאָרטן וואָס, אַ סוד! איך האָב געוואָלט וויסן, ווער דאָס איז געווען, איצטער ווייסן מיר עס, און דאָס איז פיל אינטערעסאַנטער!" באַמבי האָט געברענט פון בייגיר, און ער איז שטיל געוואָרן. פאַלינע האָט אים אַלץ דערציילט: „ער איז דער חשובסטער אין גאַנצן וואַלד. ער איז דער פירשט. נישטאָ קיין צווייטער, וואָס זאָל צו אים זיך גלייכן. קיינער ווייסט נישט, ווי אַלט ער איז. קיינער קאָן נישט זאָגן, ווו ער וווינט. קיינעם איז נישט באַקאַנט זיין משפחה. ווייניק ווער עס האָט אים כאָטש איין מאָל געזען. מען האָט שוין וויפל מאָל געגלויבט, אַז ער איז טויט, אַזוי לאַנג האָט ער זיך נישט געוויזן. דערנאָך פלעגט ער ווידער דערשיינען אויף אַ רגע, און מען איז אַזוי אַרום געוויר געוואָרן, אַז ער לעבט. קיינער, אָבער, וואַגט נישט צו פרעגן אים, ווו ער איז געווען. ער רעדט נישט מיט קיינעם, און קיינער וואַגט נישט צו פאַרפירן מיט אים אַ געשפרעך. ער גייט אויף וועגן, וואָס קיינער אַנ-דערער גייט אויף זיי נישט; ער קען דעם וואַלד ביז אין די ווייטסטע ווייטן, און פאַר אים עקזיסטירט נישט קיין געפאַר. ביי אַנדערע פרינצן טרעפט זיך, אַז זיי קעמפן צווישן זיך, אַמאָל צוליב פרווון די כוחות און פון פאַרגעניגן וועגן, אַמאָל גאָר ערנסט. מיט אים האָט שוין זייט פיל יאָרן קיינער נישט געקעמפט. און פון יענע, וואָס האָבן ווען עס איז אַמאָל, מיט פיל יאָרן צוריק, געקעמפט מיט אים, לעבט שוין קיין איינציקער נישט. ער איז דער גרויסער פירשט".

באַמבי האָט שוין מוחל געווען גאָבאָן און פאַלינען, וואָס זיי האָבן אויסגעפּלאַפּלט פאַר זייער מוטער זיין סוד. ער איז אפילו געווען דערפון צופרידן, ווייל אָט איז ער דערגאַנגען אַזויפיל וויכטיקע זאַכן. אים האָט אָבער דאָך הנאה געטון,

וואָס גאָבאָ און פּאַלינע האָבן פּאָרט נישט אַלץ געוווסט. אַז דער גרויסער פּירשט האָט געזאָגט: „קאָנסטו דען נישט זיין אַליין?" און אַז ער האָט אים געמוסרט: „מעגסט זיך שעמען!" — דאָס האָבן זיי נישט געוווסט. באַמבי איז איצטער צופרידן געווען, וואָס ער האָט פאַרשוויגן די שטראָף-ווערטער. גאָבאָ און פּאַלינע וואָלטן אויך דאָס געוועזן דערציילט, און אַלע אין וואַלד וואָלטן דאָס שוין געהאַט אויף די צינגער.

אין יענער נאַכט, אַז ס'איז אויסגעלאָשן געוואָרן די לבנה, איז באַמביס מוטער ווידער צוריקגעקומען. זי איז פּלוצלינג דערשינען אויפן ברעג לאָנקע, ביים גרויסן דעמב, און האָט געגומען אומקוקן זיך וועגן באַמבין. ער האָט זי גלייך באַמערקט און איז צוגעלאָפן צו איר. אין אָט דער נאַכט האָט באַמבי ווידער דוכגעלעבט עפּעס נייס. די מוטער איז געווען מיד און הונגעריק; זענען זיי נישט געגאַנגען אַזוי ווייט, ווי אַלעמאָל. די מוטער האָט אויף דער לאָנקע אָפּגעגעסן; אויך באַמבי פלעגט שוין דאָ איצטער פּראַווען זיינע סעודות. דער־נאָך האָבן זיי צוזאַמען געגאַשט פון די קוסטעס, און זענען אַזוי פּאַוואָלינקע, אַנגענעם נאַשנדיק, אַלץ טיפער און טיפער אריין אין וואַלד. פּלוצלינג איז פון צווישן די קוסטעס געקומען אַ שטאַרקער גערויש. איידער באַמבי האָט נאָך באַנומען, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זיין מוטער אָנגעהויבן הויך צו שרייען, ווי געוויינ־לעך, ווען זי איז זייער צעשראָקן אָדער צעטומלט: „אַ־אָה!", האָט זי געשריגן, און אַ שפּרונג געטון, שטיין געבליבן און ווידער: „אַ־אָה, באַ־אָה!" דאַן האָט באַמבי דערזען מוראדיקע געשטאַלטן, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען מיט גרויס רעש. זיי זענען אַדורך זייער נאָענט. זיי זענען ענלעך געווען אויף באַמבין און זיין מוטער, אויף מומע ענאַ און אַלע אַנדערע פון זייער מין, נאָר זיי זענען געווען ריזיק, אַזוי מוראדיק גרויס, אַז מען האָט געדאַרפט האָבן כּוח אַרויפצוקוקן צו זיי. באַמבי האָט אויך אָנגעהויבן צו ליאַרעמען: „אַ־אָה... באַ־אָה... באַ־אָה!" ער האָט גאָר אַליין נישט געוווסט, אַז ער שרייט, ער האָט פּשוט אַנ־דערש נישט געקאָנט. דער קאַראַוואַן האָט לאַנגזאַם פאַרבייגע־

רוישט. דריי, פיר ריזיקע פיגורן, איינע הינטער דער אַנדערער. צולעצט איז געגאַנגען איינער, וואָס איז געווען גרעסער נאָך פון אַלע איבעריקע, ער האָט געהאַט אַרום האַלדז אַ ווילדע גריווע און פאַר אַ קרוין — אַ גאַנצן בוים. פון בלויז קוקן אויף אים האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם.

באַמבי איז געשטאַנען און האָט געהעשעט פון דער פולער ברוסט, ווייל אים איז געווען אויסערגעוויינלעך שווער אויפן האַרצן. ער האָט מורא געהאַט, אָבער גאָר אויף אַ באַ-זונדער אופן. ער איז זיך אַליין אויסגעקומען אַ שרעק ווי קליין, און אפילו די מוטער איז אים איצט פאָרגעקומען זייער נעבעכדיק. ער האָט זיך געשעמט, אַליין נישט ווייסנדיק פאַר-וואָס, אָבער גלייכצייטיק האָט אים באַהערשט אַ גרויל, און ער האָט געוויינט אויפן קול: „באַ-אָה... באַ-אָה!..." אַז ער האָט אַזוי געשריגן, איז אים געוואָרן גרינגער.

דער קאַראַוואַן איז פאַריבער. מען האָט אים מער נישט געזען און נישט געהערט. אויך די מוטער האָט געשוויגן. נאָר באַמבי האָט נאָך פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזט אַ קורצן שלוכץ. עס האָט אים צענומען. „זיי שוין רואיק", האָט די מוטער געזאָגט, „זיי זענען דאָך שוין אַוועק".

„אוי, מאַמע", האָט באַמבי אַרויסגעשעפּטשעט: „ווער ענען דאָס געווען?"

„אַך, אין תּוך איז דאָס גאָרנישט אַזוי געפערלעך", האָט די מוטער געזאָגט. „דאָס זענען אונדזערע גרויסע קרובים... יאָ ...זיי זענען גרויס און פאָרנעם... נאָך פאָרנעמער פון אונדז..."

„און זיי זענען נישט געפערלעך?", האָט באַמבי איבער-געפרעגט.

„געוויינלעך נישט", האָט די מוטער דערקלערט, „עס האָט אַמאָל, זאָגט מען, יאָ זיך עפּעס געמאַכט; מען דערציילט פאַרשידענע מעשיות, נאָר איך ווייס נישט, צי אין די אַלע מעשיות איז פאַראַן אַ ברעקל אמת. מיר האָבן זיי קיינמאָל

קיין שום שלעכטס נישט געטון, און אויך קיינעם נישט פון מיינע באַקאַנטע״.

״פאַרוואָס זאָלן זיי אונדז טון ?״, האָט באַמבי זיך אַליין צוגעגעבן מוט, ״זיי זענען דאָך קרובים אונדזערע״. פונדעסט־וועגן האָט ער נישט אויפגעהערט צו ציטערן.

״ניין, זיי טוען אונדז טאַקע גאָרנישט״, האָט די מוטער געענטפערט, ״אָבער איך ווייס נישט, ווען איך זע זיי, ווער איך אַ פאַרציטערטע, איך קאָן מיך גאָרנישט באַהערשן. יעדעס מאָל איז מיט מיר אַזוי״.

דער דאָזיקער שמועס האָט באַמבין אַלץ מער און מער באַרואיקט, אָבער ער איז דאָך געבליבן פאַרטראַכט. גראָד האָט איבער אים, אין די צווייגן פון אַן אַלכע, די שפּער־סאָווע אַ שאַרפן געשריי אַרויסגעלאָזט. נאָר באַמבי איז געווען פאַר־טראַכט, און ער האָט היינט פאַרגעסן צו מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער איז דערשראָקן. אָבער די סאָווע איז באַלד אַליין גע־קומען צו פליען און געפרעגט:

״איך האָב אייך אפשר דערשראָקן ?״

״געוויס״, האָט באַמבי געענטפערט, ״איר דערשרעקט מיך תמיד״.

די סאָווע האָט שטיל זיך צעלאַכט; זי איז געווען צו־פרידן: ״איך גלויב, אַז איר וועט דאָס מיר נישט נעמען פאַר אומגוט״, האָט זי געזאָגט, ״איך האָב שוין אַזאַ טבע״. זי האָט זיך אָנגעבלאָזן, געוואָרן כמעט ווי קיילעכדיק, פאַרשטעקט דעם שנאָבל אין די פוכיקע פעדערן, און געמאַכט אַ זעלטן ליבע און ערנסטע מינע. ס׳האָט איר שטאַרק הנאה געטון.

באַמבי האָט פאַר איר אויסגעגאָסן זיין האַרץ. ״ווייסט איר״, האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ טאָן פון אַ גרויסן, ״איך האָב גראָד פאַר דעם געהאַט אַ פיל גרעסערע שרעק״.

״טאַקע ?״, האָט די סאָווע, אַן אומצופרידענע, געפרעגט.

באַמבי האָט איר דערציילט פון דער באַגעגעניש מיט די ריזיקע קרובים.

״לאָזט מיך געמאַך מיט די קרובים״ האָט די סאָווע

אויסגערופן. „איך האָב אויך קרובים, און לאָמיך זיך נאָר באַווייזן ערגעץ-ווו בייטאָג, אַזוי באַפאַלן זיי מיך אַלע. ניין, קרובים — דאָס איז אינגאַנצן אַן איבעריקע זאַך. זענען זיי גרע־סער פון אונדז, דאַן טויגן זיי נישט פאַר אונדז; זענען זיי קלענער, — טויגן זיי אוודאי נישט. זענען זיי גרעסער, — קאָנען מיר זיי נישט פאַרטראָגן צוליב זייער גרויסהאַלטן זיך, און די קלענערע פאַרטראָגן אונדז נישט, — אַנטקעגן זיי זענען מיר די מיוחסים. ניין, איך וויל נישט אפילו וויסן פון אָט דער גאַנצער געזעלשאַפט".

„אָבער... איך קען גאָר נישט מיינע קרובים..." האָט באַמבי געזאָגט שעמעוודיק און פאַרבענקט. „איך האָב פון זיי נאָר געהערט, און היינט האָב איך זיי דאָס ערשטע מאָל געזען".

„קימערט אייך נישט וועגן דידאָזיקע לייט", האָט די סאָווע ווייטער געטענהט. „גלויבט מיר" — זי האָט באַדייטונגס־פול פאַרגלאָצט די אויגן — „דאָס וועט זיין דאָס גלייכסטע. קרובים זענען קיינמאָל נישט אַזוי גוט, ווי פריינד. אָט, זעט איר, מירביידע זענען גאָרנישט משפחה, און מיר זענען די בעסטע פריינד. און דאָס איז זייער אָנגענעם".

באַמבי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר די סאָווע האָט פאָרגעזעצט: „איך האָב מיר אין אַזעלכע ענינים מיין דערפאַרונג. איר זענט נאָך יונג. גלויבט מיר, איך פאַרשטיי דאָס בעסער. איבעריקנס, עס פאַלט מיר גאָרנישט איין אַריינצומישן זיך אין אייערע משפחה־אָנגעלעגנהייטן". זי האָט ווידער פאַרגלאָצט די אויגן, אַזוי געדאַנקענפול, און דערביי אויסגעזען מיט איר ערנסט געזיכט אַזוי סאָליד, אַז באַמבי האָט געמוזט באַשיידן שווייגן.

עס איז אַריבער נאָך אַ נאַכט, און דער אָנקומענדיקער טאָג האָט ווידער געבראַכט אַ געשעעניש.

דער הימל איז געווען לויטער, און דער פרימאָרגן—קיל און טוי-פריש. פּלוצלינג האָבן אַלע בלעטער אויף די בוימער און קוסטעס אָנגעהויבן שטאַרקער אַרויסצואָטעמען דופטיקע ריחות. פון דער לאָנקע האָבן זיך ברייטע דופט-כוואַליעס גע-הויבן צו די בוימער-שפּיצן.

„פּיפּ", האָבן געזאָגט, דערוואַכנדיק, די בלויפויגלען. זיי האָבן עס געזאָגט זייער שטיל. נאָר אַזוי ווי עס איז נאָך געווען גרוי און האַלב-טונקל, האָבן זיי דערווײַלע מער גאָר-נישט געזאָגט. אַ היפּשע צייט איז נאָך אַלץ געווען אינגאַנצן שטיל. דערנאָך האָט פונדערהויך, פון אויבן, דורכגעשניטן די לופט אַ מגושמדיקער, געבראָכענער קראָען-רוף. די קראָען האָבן דערוואַכט, און זיי זענען געפלויגן איי-נע צו די אַנדערע צוגאַסט אויף די בוימער-שפּיצן. באַלד האָט זיך אָפּגערופן די סאָראָקע: „שאַקעראַקשאַק... איר מיינט אוודאי, אַז איך שלאָף?" און דאַן האָבן שטיל זיך צעקלונגען הונדערטער פאַרשידענע רופן פון דאָ און דאָרטן, פון נאָענט און ווייט: פּיפּ! פּיפּ! טיו! — אין די אַלע קלאַנגען איז נאָך געווען שלאָף און טונקלקייט, אוז זיי זענען נאָך אייגנטלעך געווען פאַראייַנצלטע.

פּלוצלינג איז אַ דראָסל אַרויפגעפלויגן אויפן שפּיץ פון אַ בוקן-בוים; ער איז אַרויפגעפלויגן גאַנץ הויך ביז צו דעם אויבערשטן דינעם צווייג, וואָס האָט געשטאַרצט אין דער לופטן, האָט זיך דאָרטן אַוועקגעזעצט, און ווייט איבער די בוימער געקוקט און געזען, ווי דער נאַכט-מידער, העל-גרויער הימל צעגליט זיך אויף מזרח און לעבט אויף. דאַן האָט ער אָנגעהויבן זינגען. פון אונטן וואָלט ער אויסגעזען, ווי אַ קליינער טונקעלער פלעק. זיין קליינער שוואַרצער קערפּער איז פון ווייטן ענלעך געווען אויף אַ פאַרוויאַנעט בלאַט. אָבער זיין יובל-ליד האָט געשאַלט דורכן גאַנצן וואַלד, און אַלץ ארום האָט גענומען זיך רירן. עס האָבן געקנאַקט די פינקען,

עס האָבן געלאָזט זיך הערן דער שטיגליץ און דאָס רויט־העלדזל. מיט געפֿילדער און פֿליגל־געפּאַטשערײַ האָבן זיך ברייט געטראָגן טויבן פֿון איין אָרט אויפֿן אַנדערן. עס האָבן גענומען אויפֿשרייען די פֿאַזאַנען, און זייער שרייען האָט געקלונגען אַזוי, ווי בײַ זיי וואָלטן געפּלאַצט די העלדזער. מיט אַ שטילן, נאָר קרעפּטיקן פֿליגל־גערויש האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון זייערע שלאָף־בוימער אויף דער ערד. דאָ האָבן זיי פֿיל מאָל באָכאַנאַנד אַרויסגעלאָזן זייער מעטאַליש־גרילצנדיקן געשריי, און אַ שטילן כאָרכל נאָך אים. הויך אינדערלופֿטן האָבן שאַרף און פֿריידיק גערופֿן די פֿאַלקן: יאַ־יאַ!
די זון איז אויפֿגעגאַנגען.

„דיאו־דיאו!" האָט געשאַלט דער גאָלדאַמזל. ער איז אַרומגעפֿלויגן אַהין און צוריק צווישן די צווייגן, און זיין געלער, קיילעכדיקער קערפּער האָט געגלאַנצט אין מאָרגנשטראַל, ווי אַ פֿליענדיקע גאָלדענע קויל.

באַמבי איז אַרויס אויף דער לאָנקע לעבן גרויסן דעמב. עס האָט געפֿינקלט פֿון טוי, עס האָט געשמעקט מיט גראָז, בלומען און פֿייכטער ערד, און אַ טויזנטפּאַכיק לעבן האָט געזשומעט פֿון דער לאָנקע. ערגעץ איז געזעסן פֿריינד האָז, און עס האָט אויסגעזען, אַז ער טראַכט וועגן וויכטיקע זאַכן. אַ שטאָלצער פֿאַזאַן האָט לאַנגזאַם אַרומגעשפּאַצירט; ער האָט טועם געווען פֿון די גראָזבעזימלעך און בעת מעשה פֿאָרזיכטיק אומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן. דאָס טונקל־בלויע צירונג אויף זיין האַלדז האָט געלויכטן אויף דער זון. אָבער גאָר נאָענט פֿאַר באַמבין איז געשטאַנען איינער פֿון די פּרינצן. באַמבי האָט אים נאָך קיינמאָל נישט געזען, ער האָט נאָך בכלל קיינמאָל אַזוי נאָענט פֿון זיך נישט געזען עמיצן פֿון די פֿאָטערס. ער איז געשטאַנען דאָ לעבן באַמבין, האַרט בײַ אַ נוס־קוסט, אַביסל פֿאַרשטעלט מיט די צווייגן. באַמבי האָט זיך נישט גערירט. ער האָט געהאָפֿט, אַז דער פּרינץ וועט אַרויס פֿון צווישן די צווייגן, און האָט געשלאָגן זיך מיט דער דעה, צי זאָל ער מיט אים פֿאַרפֿירן אַ געשפּרעך. ער

האָט געוואָלט פרעגן ביי דער מוטער און האָט זי גענומען זוכן מיטן בליק. די מוטער איז שוין אָבער געווען ווייטלעך, זי איז געשטאַנען ערגעץ לעבן דער מומע ענאַ. גראָד זענען דאָרטן אויך גאָבאָ און פּאַלינע אַרויסגעלאָפן פון וואַלד. באַמבי האָט אַלץ נישט גערירט זיך, ער האָט זיך איבערגעלייגט: זאָל ער איצט גיין צו דער מוטער מיט די איריקע, מוז ער פאַרבייגיין דעם פּרינץ, און דאָס, האָט ער געהאַלטן, וועט זיין נישט אָנשטענדיק. ענדלעך איז ביי אים געבליבן, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו פרעגן די מוטער: „אָט האָט דאָך דער אַלטער פירשט גערעדט מיט מיר, און איך האָב דער מוטער וועגן דעם אפילו נישט דערציילט. איך וועל אָנהויבן רעדן מיטן פּרינץ, איך וועל פּרוּוון. זאָלן טאַקע יענע דאָרטן, אַנטקעגן, זען, ווי איך שמועס מיט אים. איך וועל זאָגן: גוט מאָרגן, מיין פּרינץ! ער וועט דערפאַר געוויס נישט אין כּעס ווערן. און אויב יאָ — וועל איך שנעל אַוועקלויפן". באַמבי האָט אָבער באַלד חרטה געקריגן, זיך ווידער געוואַקלט און נישט געקאָנט זיך אַנטשליסן.

דערווייל איז דער פּרינץ אַרויס פון דעם נוס-קוסט און איז אַרויף אויף דער לאָנקע.

איצטער... — האָט באַמבי אַ טראַכט געטון.

אין דער רגע האָט אַ קנאַל געטון אַ דונער.

באַמבי האָט זיך אַ וואָרף געטון; ער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס האָט פּאַסירט.

ער האָט געזען, ווי דער פּרינץ האָט זיך אַ טראָג געטון מיט אַ גרויסן שפּרונג אינדערהויך, און איז שנעל אָטדאָ דערלעבן אַריינגעלאָפן אין וואַלד.

באַמבי האָט שטאַר זיך אַרומגעקוקט. ער איז נאָך געפּלעפט געווען פונם דונערקנאַל. ער האָט געזען, ווי די מוטער, מומע ענאַ, גאָבאָ און פּאַלינע אַנטלויפן אין וואַלד אַריין; ער האָט געזען, ווי פריינד האָז איז אַ צעמישטער אַוועקגעשפּרונגען; ער האָט געזען דעם פאַזאַן לויפן מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז, ער האָט באַמערקט, ווי דער גאַנ-

צער וואַלד איז פּלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן; און ער האָט זיך אויך אַ כאַפּ געטון און געשווינד אַוועקגעשפּרונגען אין וואַלד.

ער האָט געמאַכט נאָר אַ פּאָר שפּרונגען, ערשט — דער פּרינץ ליגט פאַר אים, אויף דער ערד. קיין ריר נישט. באַמבי איז געבליבן שטיין דערשטוינט, נישט באַגרייפנדיק, וואָס דאָ איז געשען. דער פּרינץ איז געלעגן פאַרבלוטיקט און טויט, מיט אַן אויפגעריסענעם רוקן.

„נישט שטיין בלייבן!", האָט מען האַסטיק אויסגערופן לעבן אים. דאָס איז געווען די מוטער, וואָס האָט זיך פאַרביי־געטראָגן אין פולן גאַלאָפּ. זי האָט צו אים גערופן: „לויף, לויף מיט אַלע כוחות". זי האָט נישט געוואַרט און ווייטער געיאָגט. אירע ווערטער האָבן באַמבין אַ ריס געטון, און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט אַלע כוחות.

„וואָס איז דאָס, מאַמע?", האָט ער געפרעגט, „וואָס איז דאָס געווען?"

די מוטער האָט אַ פאַרסאַפּעטע געענטפערט: „דאָס... איז געווען... ע ר!"

באַמבי האָט אויפגעשוידערט. און זיי זענען געלאָפן ווייטער.

לסוף זענען זיי אָן אָטעם שטיין געבליבן.

„וואָס זאָגט איר, וואָס זאָגט איר, אַזאַ שרעקלעכע גע־שיכטע!", האָבן זיי איבער זיך דערהערט אַ שטים. באַמבי האָט אַרויפגעבליקט, און דערזען דורך די צווייגן די וועווערקע.

„איך בין די גאַנצע שטרעקע מיט אייך מיטגעלאָפן", האָט זי דערציילט, „ניין, דאָס איז שוידערהאַפט!"

„זענט איר דען געווען דערביי?", האָט געפרעגט די מוטער.

„געוויס בין איך געווען דערביי", האָט די וועווערקע געענטפערט. „איך ציטער נאָך איצטער מיט אַלע גלידער". זי האָט זיך אויפגעשטעלט, אָנגעלענט אויף איר פּרעכטיקן עק, באַוויזן איר שמאָלע ווייסע ברוסט, און מיט אַ וואַזשנער

מינע צוגעדריקט די פּאָדערשטע לאַפּקע צום לייב. „איך בין אויסער זיך פון אויפרעגונג".

„איך בין אויך היפּש מיד, פאַר שרעק", האָט געזאָגט די מוטער. „עס איז אומבאַגרייפלעך, קיינער פון אונדז האָט גאָרנישט באַמערקט".

„אַזוי גאָר?", די וועווערקע האָט זיך צעהיצט, „איך האָב אים שוין פון לאַנג געהאַט געזען".

„איך אויך!", האָט אויסגערופן נאָך אַ שטים. דאָס איז געווען די סאָראָקע; זי איז גראָד געפלויגן פאַרביי און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ צווייג.

„איך אויך!", האָט מען אַ סקריפּע געטון פון נאָך העכער. דאָרטן איז אויף אַן עשנבוים געזעסן דער אייכלראָב.

און פון צווישן די בוימער-שפּיצן האָבן מויה-שחורהדיק אַראָפּגעקראַקעט אַ פּאָר קראָען: „מיר האָבן אים אויך געזען!"

אַלע זענען געזעסן אַרום און פאַרדאגהט געשמועסט. זיי זענען געווען שרעקלעך צערייצט, פאַרצאָרנט און דערשראָקן.

„ווען?", האָט באַמבי געקלערט, „ווען האָבן זיי דאָס אים געזען?"

„וויפל איך האָב זיך דאָס געמיט", האָט דערציילט די וועווערקע און אויסדריקפול צוגעדריקט ביידע פּאָדערשטע לאַפּקעס צום האַרצן, „וויפל איך האָב זיך דאָס געמיט דעם אָרעמען פּרינץ אויפמערקזאַם צו מאַכן".

„און איך", האָט אַ סקריפּע געטון דער אייכלראָב, „וויפל איך האָב זיך דאָס אָנגעשריגן! נאָר ער האָט מיך נישט געוואָלט הערן".

„און מיך האָט ער אויך נישט געהערט", האָט זיך געקלאָגט די סאָראָקע. „איך האָב אוודאי צען מאָל גערופן. איך האָב אפילו געוואָלט צופליען צו אים גאָר נאָענט. איך האָב מיר געטראַכט: אויב ער האָט ביז איצט מיך נישט געהערט, וועל איך פליען צום קוסט, ביי וועלכן ער שטייט. פון דאָרטן מוז ער מיך דערהערן. נאָר אין יענער רגע איז עס געשען".

„מיין שטים קלינגט דאָך העכער פאַר אייערע, און איך האָב אים געוואָרנט. ווי ווייט נאָר איך האָב געקאָנט", האָט פאַרבי־טערט געזאָגט די קראָ. „נאָר די הערשאַפטן שענקען צו ווייניק אַכט אונדזער איינעם".

„אמת טאַקע, צו ווייניק", האָט צוגעבאָמקעט די ווע־ווערקע.

„מען טוט, וואָס מען קאָן", האָט צוגעגעבן די סאָראָקע.

„מיר זענען געוויס נישט שולדיק, אויב עס פאַסירט אַן אומ־גליק".

„אַזאַ שיינער פרינץ", האָט געקלאָגט די וועווערקע, „און אין די בעסטע יאָרן".

„אַך!", האָט געמורמלט דער אייכלראָב, „וואָלט ער זיך נישט גרויסגעהאַלטן און צוגעהערט זיך, וואָס מיר זאָגן?"

„ער האָט זיך גאָרנישט גרויסגעהאַלטן!", האָט דערווי־דערט די וועווערקע.

די סאָראָקע האָט צוגעגעבן: „ער האָט זיך נישט גרויס־געהאַלטן מער פאַר אַלע אַנדערע פרינצן פון זיין מין".

„איז ער פשוט געווען אַ נאַר!", האָט זיך דער אייכל־ראָב צעלאַכט.

„איר זענט אַליין אַ נאַר!", האָט די קראָ אַראָפּגעשריגן פון אויבן. „רעדט נישט וועגן טפשות, דער גאַנצער וואַלד ווייסט, ווי נאַריש איר זענט".

„איך?", האָט דער אייכלראָב זיך אָנגערופן שטאַרק פאַר־חידושט. „מיר קאָן קיינער נישט פאָרוואַרפן נאַרישקייט. איך האָב נאָר אַ שוואַכן זיכרון, אָבער נאַריש בין איך זיכער נישט".

„ווי איר ווילט", האָט די קראָ געזאָגט ערנסט. „פאַר־געסט וואָס איך האָב געזאָגט, נאָר באַרעכנט זיך, אַז דער פרינץ האָט געמוזט שטאַרבן נישט מחמת גאווה אָדער טפשות, נאָר ווייל פון אים קאָן קיינער נישט אַנטרונען ווערן".

„אַך!", האָט אַ סקריפּע געטון דער אייכלראָב, „אַזעלכע רייד וויל איך גאָרנישט הערן". און ער איז אַוועקגעפלויגן.

די קראָ האָט פאָרגעזעצט: „ער האָט שוין איבערגע־קליגט אַסך אפילו פון מיין משפחה. ער מאָרדעט וועמען ער וויל. מיר האָבן קיין עצה נישט".

„מען מוז דעריבער זיין אויף דער וואַך", האָט אַריינגע־וואָרפן אַ וואָרט די סאָראָקע.

„דאָס מוז מען געוויס", האָט די קראָ טרויעריק איינגע־שטימט, „צום ווידערזען". זי איז אָפּגעפלויגן, און אירע קרובים זענען מיטגעפלויגן זי באַגלייטן.

באַמבי האָט זיך אומגעקוקט. די מוטער איז שוין נישט געווען דאָ מער.

וועגן וועמען רעדן זיי דאָס? — האָט באַמבי געטראַכט. נישט אַלץ פאַרשטיי איך, וואָס זיי זאָגן. ווער איז דאָס: ע ר, וואָס פון אים רעדט מען כּסדר...? אָט איז דאָך אויך געווען ע ר, יענער, וואָס אַנומלטן האָב איך אים געזען אין די קוס־טעס... אָבער ע ר האָט מיך נישט געטויט...

באַמבי האָט געטראַכט וועגן דעם פּרינץ, וועלכן ער האָט געזען ליגן פאַר זיך מיט אַ בלוטיק־אויפגעריסענעם רוקן. ער איז איצטער טויט.

באַמבי איז געגאַנגען ווייטער. ווידער האָט דער וואַלד געזונגען מיט טויזנט שטימען. די זון איז אַריינגעדרונגען מיט ברייטע שטראַלן דורך די בוימער־שפּיצן, אַלץ האָט גע־שיינט, פון די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער איז געגאַנגען אַ פּאַ־רע; הויך אינדערלופטן האָבן זיך איבערגערופן פאַלקן, און דאָ, אין דער נאָענט, האָט געלאַכט דער פּיקהאָלץ, גלייך ווי קיין שום זאַך וואָלט נישט געשען. באַמבין איז געווען אומע־טיק. ער האָט זיך געפילט באַדראָאָט פון עפּעס אַ סוד, און האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי די אַנדערע קאָנען זיין מונ־טער און זאָרגלאָז, ווען דאָס לעבן איז אַזוי שווער און גע־פערלעך. אין דער רגע האָט אים באַהערשט אַ פאַרלאַנג, אַוועקגיין אַלץ ווייטער און ווייטער, פאַרטיפן זיך אַלץ מערער אינם געדיכטן וואַלד. אים האָט געלאָקט צו גיין איצטער אַהין, וווּ עס איז צומגעדיכטסטן, אויסזוכן זיך ערגעץ אַ

מקום־מנוחה, וואָס זאָל זיין פון אַלע זייטן פאַרשטעלט דורך אַ געדיכטער נעץ פון דערנער, אַזוי אַז קיינער זאָל אים נישט זען. ער האָט אינגאַנצן אָנגעווירן דעם חשק צו דער לאָנקע.

לעבן אים האָט עפּעס גאַנץ שטיל אַ ריר געטון זיך אין די קוסטעס. באַמבי האָט זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט. פאַר אים איז געשטאַנען דער אַלטער.

באַמבי איז פאַרציטערט געוואָרן; ער האָט געוואָלט אַנטלויפן, נאָר ער האָט זיך באַהערשט און איז פאַרבליבן. דער אַלטער האָט אים אָנגעקוקט מיט זיינע גרויסע טיפע אויגן: „ביסט געווען דאָ פריער דערביי?"

„יאָ", האָט באַמבי שטיל געענטפערט. דאָס האַרץ האָט ביי אים שטאַרק געקלאַפּט, און אַלע חברים האָבן אים גע־טרייסלט.

„ווו איז דיין מוטער?", האָט געפרעגט דער אַלטער.

באַמבי האָט געענטפערט אַלץ נאָך שטיל: „איך ווייס נישט".

דער אַלטער האָט נישט אויפגעהערט אים צו באַטראַכטן. „און דו רופסט זי גאָר נישט?"

באַמבי האָט אַ בליק געטון אויפן אַלטנס ערווירדיקן גראָען פּנים, אויף זיין פּרעכטיקער קרוין, און ער איז פּלוצ־לינג געוואָרן מוטיק. „איך קאָן אויך אַליין זיין", האָט ער געזאָגט.

דער אַלטער האָט נאָך אַ ווײַלע אים באַטראַכט, און מילד געפרעגט: „ציי ביסטו נישט יענער קליינער, וואָס האָט ערשט אַנומלטן געוויינט נאָך דער מוטער?"

באַמבי האָט זיך אַביסל פאַרשעמט, נאָר נישט פאַר־לוירן דעם מוט: „יאָ, דאָס בין איך", האָט ער דערקלערט.

דער אַלטער האָט אים שווייגנדיק אָנגעקוקט, און באַמ־בין האָט זיך געדוכט, אַז זיינע טיפע אויגן קוקן איצט מיל־דער. „דו האָסט מיך דעמאָלט געשטראָפט, אַלטער פירשט",

האָט ער אויסגערופן מיט ברען, „ווייל איך קאָן נישט זיין אַליין. זינט דעמאָלט קאָן איך עס".

דער אַלטער האָט געקוקט אויף באַמבין מיט אַ פאַרשנ-דיקן בליק און האָט אַ לייכטן, קוים באַמערקבאַרן שמייכל געטון. אָבער באַמבי האָט עס באַמערקט. „אַלטער פירשט", האָט ער פאַרטרויליכער געפרעגט, „וואָס איז געשען? איך באַגרייף דאָס נישט... ווער איז ע ר, וואָס פון אים רעדן אַלע...?" ער איז שטיל געוואָרן, דערשראָקן פון דעם טונקעלן בליק, וואָס האָט אים באַפוילן צו שווייגן.

ווידער איז אַוועק אַ ווײַלע. דער אַלטער האָט געקוקט, פאַרבײַ באַמבין, אין דער ווייט אַריין. דערנאָך האָט ער לאַנגזאַם געזאָגט: „אַליין דאַרף מען הערן, שמעקן און זען, אַליין לערנען". ער האָט נאָך העכער אויפגעהויבן זיין גע-קרוינטן קאָפּ. „זיי געזונט!", האָט ער געזאָגט. מער גאָרנישט. און איז נעלם געוואָרן.

באַמבי איז פאַרבליבן צעמישט און געוואָלט אָנהויבן יאָמערן. אָבער דער „זיי געזונט!" האָט נאָך געקלונגען אין זיינע אויערן און האָט אים געטרייסט. „זיי געזונט", האָט דער אַלטער געזאָגט. אויב אַזוי, איז ער דאָך נישט געווען בייז.

באַמבי האָט זיך געפילט דורכגענומען מיט שטאָלץ, דערהויבן דורך אַ פייערלעכן ערנסט. יאָ, דאָס לעבן איז שווער און פול מיט געפאַר. זאָל זיין וואָס עס וויל, ער וועט לערנען, ווי אַזוי אַלץ איבערצוטראָגן.

לאַנגזאַם איז ער אַוועק טיפער אין וואַלד אַריין.

פונם גרויסן דעמב ביים ראַנד לאָנקע זענען געפאַלן די בלעטער. זיי זענען געפאַלן פון אַלע בוימער.

איין צווייג פונם דעמב האָט זיך געהויבן הויך איבער די אַנדערע צווייגן און האָט דערלאַנגט ווייט אַריבער איבער דער לאָנקע. אויף זיין עקסטן שפּיץ זענען געזעסן צוזאַמען צוויי בלעטער.

„עס איז שוין נישט דאָס, וואָס אַמאָל", האָט איין בלאַט געזאָגט צום אַנדערן.

„יאָ", האָט אונטערגעהאַלטן דאָס צווייטע, „היינט ביינאַכט זענען ווידער אַסך אונדזערע אַראָפּגעפּליקט געוואָרן... מיר זענען שוין כמעט די לעצטע אויף אונדזער צווייג".

„מען ווייס נישט, ווען דאָס טרעפט", האָט געזאָגט דאָס ערשטע בלאַט. „ווען ס'איז נאָך ווארים געווען, און די זון האָט געגעבן היץ, פלעגט אויך אָפטמאָל קומען אַ שטורעם אָדער אַ וואָלקנבראָך, און פיל פון אונדז פלעגן דאַן אַראָפּגע-שליידערט ווערן, הגם זיי זענען נאָך גאָר יונג געווען. מען ווייסט גאָרנישט, ווען דאָס טרעפט".

„איצטער שיינט שוין די זון גאָר זעלטן", האָט אָפּגע-זיפצט דאָס צווייטע בלאַט, „און אַז זי שיינט, גיט זי אויך ווייניק חיות. מען וואָלט באַדאַרפט האָבן נייע כוחות".

„אויב עס איז וואָר", האָט זיך אָפּגערופן דאָס ערשטע בלאַט, „אויב ס'איז טאַקע וואָר, אַז ווען מיר וועלן נישט זיין, וועלן אויף אונדזער אָרט קומען אַנדערע בלעטער, און דערנאָך — ווידער אַנדערע און אַזוי כסדר..."

„דאָס איז זיכער וואָר", האָט געשעפּטשעט דאָס צווייטע, „מען קאָן דאָס גאָרנישט דערגרונטעווען... ס'איז איבער אונ-דזערע השגות..."

„און עס ווערט דערפון צו אומעטיק", האָט צוגעגעבן דאָס ערשטע.

אַ געוויסע צייט האָבן זיי געשוויגן. דאַן האָט דאָס ערשטע בלאַט אַרויסגעמורמלט שטיל, פאַר זיך:

„פאַרוואָס זאָלן מיר מוזן אַוועק...?"

און דאָס צווייטע האָט געפרעגט: „וואָס געשעט מיט אונדז, ווען מיר פאַלן אָפּ...?"

„מיר זינקען אַרונטער..."

„וואָס איז דאָרטן אונטן?"

האָט געענטפערט דאָס ערשטע: „דאָס ווייס איך נישט. איינער זאָגט אַזוי, אַ צווייטער קאַפּויער... קיינער ווייסט נישט".

פרעגט דאָס צווייטע: „אָבער צי שפּירט מען נאָך עפּעס, צי ווייסט מען נאָך עפּעס פון זיך, ווען מען איז דאָרטן אונטן?"

ענטפערט דאָס ערשטע אָפּ: „ווער קאָן דאָס זאָגן? פון דאָרטן איז נאָך קיינער נישט צוריקגעקומען צו דערציילן".

זיי האָבן ווידער געשוויגן. דאַן זאָגט דאָס ערשטע בלאַט צערטלעך צום צווייטן: „אָבער ערגער זיך נישט אַזוי שטאַרק, דו ציטערסט דאָך".

„לאָז אָפּ", ענטפערט דאָס צווייטע, „איך ציטער איצטער פון יעדער קלייניקייט. מען פילט זיך שוין נישט אַזוי פעסט אויפן פּלאַץ".

„לאָמיר מער נישט ריידן פון די זאַכן", זאָגט דאָס ערשטע בלאַט.

דאָס צווייטע דערווידערט: „ניין... מיר קאָנען דאָס לאָזן... נאָר... וועגן וואָס-זשע דען קאָנען מיר איצטער שמועסן...?" עס שווייגט, און אין אַ ווײַלע אַרום זעצט עס פאָר: „ווער פון אונדזביידן וועט מוזן דער ערשטער אַרונטערזינקען...?"

„דערבײַ האַלט נאָך נישט", בערואיקט דאָס ערשטע.

„לאָמיר בעסער זיך דערמאָנען, ווי שיין עס איז געווען, ווי וווּנדערלעך שיין! ווי די זון פלעגט קומען און אַזוי הייס ברענען, אַז ס'איז געווען אַ שפּע פון געזונט. דערמאָנסט זיך? און ז'אַן דער טוי אין די פרימאָרגן-שעהן, און די וואַרימע פרעכטיקע נעכט..."

„איצטער זענען די נעכט שרעקלעכע", האָט געקלאָגט דאָס צווייטע, „און זיי ציען זיך אומענדלעך".

„מיר האָבן נישט וואָס צו באַקלאָגן זיך", זאָגט מילד

דאָס ערשטע בלאַט. „מיר האָבן לענגער געלעבט פון פיל, פיל אַנדערע".

„איך בין טאַקע שטאַרק פאַרענדערט?", האָט אומדרייסט, אָבער האַסטיק אַ פרעג געטון דאָס צווייטע בלאַט.

„קיין סימן נישט", האָט פאַרזיכערט דאָס ערשטע. „דו מיינסט אַזוי, ווייל דו זעסט, ווי געל און מיאוס איך בין געוואָרן. נאָר מיט מיר איז גאָר אַנדערש..."

„גיי שוין, גיי", האָט דאָס צווייטע איבערגעריסן.

„ניין, באמת", האָט דאָס ערשטע היציק ווידער באַשטעטיקט, „גלויב מיר! דו ביסט שיין, אַזוי ווי אין די ערשטע טעג. בלויז וו נישט ווו אַ קליין געלבלעך פּאַסיקל, קוים צו מערקן, נאָר דאָס מאַכט דיך נאָך שענער. מעגסט מיר גלויבן".

„איך דאַנק דיר", פליסטערט גערירט דאָס צווייטע בלאַט, „איך גלויב דיר נישט... נישט אינגאַנצן... אָבער איך דאַנק דיר... דו ביסט אַזוי גוט... ביסט תמיד צו מיר גוט געווען... ערשט איצט באַנעם איך דאָס, ווי גוט דו ביסט געווען".

„בעסער שווייג", זאָגט דאָס ערשטע, און איז אַליין אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל עס האָט פון קלעמעניש מער נישט געקאָנט ריידן.

איצטער האָבן זיי ביידע געשוויגן. שעהן זענען געגאַנגען.

אַ נאַסער ווינט האָט קאַלט און בייז געטרייסלט דעם בוים.

„אַך... איצטער..." האָט געזאָגט דאָס צווייטע בלאַט, „...איך..."

אינדעם האָט זיין שטים זיך איבערגעבראָכן. עס האָט שטיל זיך אָפּגעריסן פון אָרט און אַראָפּגעשוועבט אין דער בידער.

עס איז געקומען דער ווינטער.

באַמבי האָט געזען, אַז די וועלט איז געוואָרן אַנדערש. עס איז שווער געוואָרן אַרויסצוקומען אין דער פאַרענדערטער וועלט. זיי האָבן אַלע געלעבט ווי נגידים, און איצטער הויבן זיי אָן אַריינפאַלן אין דלות. באַמבי איז געוווינט געווען נאָר צו רייכקייט. ער האָט געהאַלטן פאַר נאַטירלעך צו זיין אַרומ-גערינגלט מיט דער גרעסטער שפע און געניסן פונם שענסטן לוקסוס, נישט האָבן קיין שום דאגות וועגן חיונה, שלאָפן אין דער גרין-פאַרהאָנגענער קאַמער, און אַרומגיין אין אַ פרעכ-טיק גלאַטן שימערירנדיק-רויטן ראָק.

איצטער איז אַלץ געוואָרן אַנדערש, און ער האָט אפילו רעכט נישט באַמערקט, ווען. די אומוואַנדלונג, וואָס איז פאָר-געקומען, איז אַדורך פאַר אים, ווי אַ רייע קורצווייליקע ביי-דערשיינונגען. עס האָט אים געווילט, ווען מילך-ווייסע נעפל-שלייערס פלעגן פאַרטאָג זיך אויפהויבן פון דער לאָנקע, אָדער פלוצלינג אַראָפלאָזן זיך פונם גרוילעכן פרימאָרגן-הימל. זיי פלעגן דעמאָלט אַזוי שיין צערונען ווערן אויף דער זון. אים איז געפעלן געווען דער פראָסט-טוי, וואָס פלעגט באַדעקן דעם וואַלד-באָדן און די לאָנקע מיט אַזאַ ווונדערלעכער ווייסקייט. אַ געוויסע צייט האָט ער הנאה געהאַט צו הערן שרייען זיי-נע גרויסע קרובים, די הירשן. דער גאַנצער וואַלד פלעגט זיך אַזש טרייסלען פון די געשרייען פון די קעניגן. באַמבי פלעגט זיך איינהערן און זייער מורא האָבן; נאָר דאָך פלעגט זיין הארץ קלאַפן פון אַנטציקונג און באַוווּנדערונג, ווען ער פלעגט פאַרנעמען די דונערן פון זייערע רופן. ער פלעגט טראַכטן וועגן דעם, אַז די קעניגן טראָגן קרוינען, וואָס זענען גרויס און פאַרצווייגט, ווי שטאַרקע בוים-צווייגן, און אַז זייערע שטי-מען זענען פונקט אַזוי געוואַלטיק, ווי זייערע קרוינען. פלעגט ער נאָר פאַרנעמען דעם קרעפטיקן אויפברויז פון אַזאַ שטים, פלעגט ער בלייבן שטיין שטיל און נישט רירן זיך. אין די טיפע קלאַנגען האָבן אָפגעהילכט אימפעטפולע פאַרלאַנגען, דאָס אומגעהייערע גערויש פון איידל, נאָר אויפגערייצט בלוט, וואָס האָט מיט אורקראַפט אויפגעשוימט פון בענקשאַפט, צאָרן און

שטאָלץ. באַמבי האָט געקעמפּט מיט זיין פּחד, נאָר אָן דערפּאָלג. אַ שרעק פּלעגט אים באַהערשן, ווי נאָר ער האָט דערהערט די שטימען. אָבער ער איז געווען שטאָלץ צו האָבן אַזעלכע וויכטיקע קרובים. גלייכצייטיק האָט ער געפילט אַ געוויסן פאַרדראָס צוליב דעם, וואָס זיי זענען אַזוי ווייט און נישט צוטריטלעך. דאָס האָט אים עפּעס באַליידיקט, געדריקט, הגם ער האָט גענוי נישט געוווסט ווי אַזוי און פאַרוואָס, און האָט בכלל נישט אָפּגעגעבן זיך קיין קלאָרן חשבון וועגן די דאָזיקע געפילן.

ערשט ווען די ליבע-צייט פון די הירשן-קעניגן איז פאַריבער, און דער דונער פון זייערע רופן איז שטיל געוואָרן, איז באַמבי געוואָרן אויפמערקזאַם נאָך אויף אַנדערע זאַכן. ווען ער פלעגט ביינאַכט גיין דורכן וואַלד, אָדער בייטאָג ליגן אין זיין קאַמער, פלעגט ער הערן דאָס געשורשעריי פונם בלעטערפאַל. אין דער לופט האָט אָן אויפהער געריזלט און גערוישט, אַרום אַלע בוימער-שפּיצן און צווייגן. צאַרטער זילבער-קלאַנג האָט זיך געגאָסן אויף דער ערד אַראָפּ. עס איז ווונדערלעך געווען איינצושלאָפן אונטער דעם דאָזיקן געהיימנישפולן, אומעטיקן קלאַנג און מיט אים צו דערוואַכן. די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער זענען הויך און פריי געלעגן אויף דער ערד, און אַז מען איז געטראָטן אויף זיי, האָבן זיי הילכיק גערוישט און געשורשעט. עס איז אָנגענעם געווען מיט יעדן טראָט פונאַנדערצושאַרן די גרויסע בלעטער-קופּעס. דערביי פלעגט עס מאַכן ש—ש—ש-ש, פיין, לויטער און זילבערדיק. און חוץ דעם זענען זיי געווען זייער נוצלעך: אין יענע טעג איז נישט נויטיק געווען אָנצושטרענגען זיך — האָרכן און שנאַפּן. מען האָט אַלץ געהערט פונדערווייטן. די בלעטער האָבן געשורשעט ביי דער מינדסטער באַוועגונג; זיי האָבן געשריגן ש—ש—ש! און קיינער וואָלט נישט געקאָנט זיך אונטערגנבענען, מען זאָל נישט דערהערן זיינע טריט.

נאָך דעמאָלט איז געקומען דער רעגן. ער האָט געגאָסן פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט, געשמיסן און געפליוכעט

אַ גאַנצע נאַכט ביזן צווייטן פרימאָרגן, שטיל געוואָרן אויף אַ ווײַלע, און באַלד אָנגעהויבן איבעראַנייס מיט פרישער קראַפט. די גאַנצע לופט איז, דוכט זיך, פול געווען מיט וואַסער, די גאַנצע וועלט — פאַרגאָסן מיט וואַסער. מען פלעגט קריגן אַ פולן מויל וואַסער, בעת מען פלעגט פרוון אָפּצופּן אַ פּאָר גרעזעלעך, און פלעגט מען נאָר אַ ריר טון אַ קוסט, פלעגט אַ גאַנצער מבול פאַרגיסן נאָז און אויגן. די בלעטער האָבן מער שוין נישט גערוישט. זיי זענען געלעגן ווייך און שווער אויפן באָדן, געפּרעסט פון רעגן, און האָבן בכלל קיין שום קלאַנג נישט אַרויסגעגעבן. באַמבי האָט געקראָגן אַ נייע דערפאַרונג — ווי ביטער עס איז טאָג און נאַכט געשמיסן צו ווערן פון אַראָפּפליִצנדיקן וואַסער און דורכגענעצט ווערן ביז צו דער הויט. ער איז נאָך נישט געווען געפרוירן, אָבער ער האָט געבענקט נאָך וואַרימקייט, און אַז ער האָט געמוזט אַרומלויפן אַ דורכגענעצטער, האָט ער עס אָנגענומען פאַר אַ שרעקלעכער פּלאָג.

אַז עס איז, אָבער, דערנאָך נאָך אָנגעקומען אַ צפון-שטורעם, האָט שוין באַמבי פאַרזוכט דעם טעם פון פרירן. אים האָט ווייניק-וואָס געהאָלפן דאָס פעסטע טוליען זיך צו דער מוטער. נאַטירלעך, צום אָנהויב איז אים אפילו שטאַרק געפעלן געוואָרן אַזוי צו ליגן און כאָטש אין איין זייט פילן אַ וואַרימקייט. נאָר דער שטורעם האָט געבושעוועט אין וואַלד דורך גאַנצע נעכט און טעג. עס האָט זיך געדוכט, אַז ווילד-משוגע, געיאָגט דורך אַן אומפאַרשטענדלעכן אייז-קאַלטן צאָרן, — וויל ער דעם וואַלד מיט אַלע זײַנע וואָרצלען אויסרייסן און אַוועקטראָגן פונדאַנען, אָדער גאָר אינגאַנצן פאַרניכטן. די בוימער האָבן געסקריפּעט אין זייער מעכטיקן ווידערשטאַנד, און האָבן געוואַלטיק געקעמפט קעגן אומגעהייערן אָנגריף. מען האָט געהערט די לאַנגע זיפצן פון די בוימער, זייער קרעכצן און קנאַקן, מען האָט געהערט די הילכיקע קנאַלן, בעת צווייגן האָבן זיך געבראָכן, מען האָט פאַרנומען צאָרניקע קראַכן, בעת דאָ און דאָרטן האָט געפּלאַצט אַ שטאַם, און דער בוים האָט,

אַ באַזיגטער, אויפגעשריגן פון אַלע ווונדן פון זיין צעשמע־טערטן, שטאַרבנדיקן קערפּער. דערנאָך האָט מען שוין מער גאָרנישט געהערט: מיט נאָך ווילדערן צאָרן איז דער שטורעם באַפאַלן דעם וואַלד, און זיין בייזער געבריל האָט פאַרטויבט אַלע אַנדערע קולות.

איצט האָט באַמבי זיך דערוווּסט פון אָרימקייט און נויט. ער האָט געזען, ווי שטאַרק דער רעגן און שטורעם האָבן פאַרענדערט די וועלט. קיין איין בלאַט איז נישט פאַרבליבן אויף די בוימער און קוסטעס. ווי באַרויבטע, זענען זיי אַלע דאָ געשטאַנען, נאַקעט אויפן גאַנצן לייב, וואָס איז איצטער אָפן געוואָרן פאַרן אויג, און האָבן רחמנותדיק אויסגעשטרעקט זיי־ערע נאַקעטע, ברוינע אָרעמס צום הימל. דאָס גראָז אויף דער לאָנקע איז געוואָרן פאַרוועלקט און שוואַרצלעך־ברוין, און אַזוי קורץ, ווי עס וואָלט אָפּגעבערענט געוואָרן הארט ביים באָדן. אויך אין קאַמער איז איצטער געוואָרן נעבעכדיק און הויל. זינט עס זענען פאַרשוווּנדן די גרינע ווענט, האָט מען זיך שוין נישט געקאָנט פילן אײנגאַנצן ביי זיך, דערצו נאָך האָט געבלאָזן פון אַלע זייטן.

איינמאָל איז אַ יונגע סאָראָקע געפלויגן איבער דער לאָנקע. עפּעס ווייסעס און קאַלטס איז איר געפאַלן אין אויג, נאָך און נאָך, עס איז געוואָרן ווי אַ קליינער שלייער פאַר איר בליק, און קליינע, ווייכע, בלענדנדיק־ווייסע קיילעכלעך האָבן אַרומגעטאַנצט אַרום איר. די סאָראָקע האָט אַ פלאַטער געטון, איינגעהאַלטן איר פלי, האָט זיך האַסטיק אַ קער געטון אַרויף און אויפגעהויבן זיך העכער אין דער לופט. אומזיסט. די ווייסע קילע קיילעכלעך זענען אויך דאָ געוועזן און ווייטער געפאַלן איר אין די אויגן. נאָך אַמאָל האָט זי זיך אַ קער געטון אויף אַרויף און אויפגעהויבן זיך נאָך העכער.

„אומזיסט אייער טירחה, ליבינקע״, האָט אויסגערופן אַ קראָ, וואָס איז געפלויגן אויף אַראָפּ־צו, גלייך איבער איר. „אומזיסט אייער טירחה, אַזוי הויך ווי איר זיך נישט אויפ־

הויבן, איר זאָלט זיך אַרויסקריגן פון צווישן די קיילעכלעך, דאָס איז דער שניי״.

„דער שניי?״, האָט געשטוינט די סאָראָקע און ווייטער געקעמפט מיט די אָנגעווייטע שנייעלעך.

„נו, געוויס״, האָט געזאָגט די קראָ, „עס איז שוין ווינ־טער. און אָט איז דער שניי״.

„זייט מיר מוחל״, האָט אָפּגעענטפערט די סאָראָקע. „איך בין ערשט אין מאַי פון נעסט אַרויס. איך קען קיין שום ווינ־טער נישט״.

„ע, נישקשה, עס פּאַסירן אַזעלכע זאַכן״, האָט באַמערקט די קראָ, „איר וועט שוין מיט אים באַקאַנט ווערן״.

„אויב דאָס איז שניי״, האָט די סאָראָקע זיך מישב גע־ווען, „וועל איך זיך גאָר אַביסל צוזעצן״. זי האָט זיך אַוועק־געזעצט אויף אַן אָלכן-צווייג, און געוויגט זיך.

די קראָ איז שלעפעריק געפלויגן ווייטער.

באַמבי האָט פּוז אָנפאַנג געפרייט זיך מיטן שניי. די לופט איז געווען שטיל און מילד, ווייסע שטערנדלעך האָבן געשוועבט און זענען געפאַלן, און די וועלט איז געוואָרן אינ־גאַנצן אַ נייע. עס איז געוואָרן ליכטיקער, און באַמבין האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַלץ איז געוואָרן אויך פריילעכער. ווען די זון פלעגט אויף אַ קורצער ווײַלע אויפשיינען, האָט אַלץ געשטראַלט, און דער ווייסער צודעק האָט געלויכטן און גע־פינקלט אַזוי שטאַרק, אַז מען פלעגט פאַרבלענדט ווערן.

אָבער באַלד האָט באַמבי אויפגעהערט צו פרייען זיך מיטן שניי. עס איז געוואָרן שווער און שווערער צו קריגן עסן. מען פלעגט מוזן אַוועקשאַרן דעם שניי, און עס פלעגט אויסקומען צו פאַטערן פיל כּוחות, ביז מען פלעגט דערגריבלען זיך צו אַ שטיקל נאַקעט פלאַץ מיט פאַרוועלקטן גראָז. דערצו האָט דער שניי געשניטן אין די פיס, און מען האָט כּסדר געדאַרפט מורא האָבן, מען זאָל זיך נישט צעקאַליעטשען. גאָבאָ האָט שוין געהאַט ווונדן. בכלל איז גאָבאָ געווען אַ שוואַכער און האָט ז׳ער מוטער זיינער פאַרשאַפט פיל זאָרג.

זיי זענען איצטער כמעט תמיד געווען צוזאַמען, און האָבן בכלל געהאַט מער געזעלשאַפט, ווי פריער. פרוי ענאַ פלעגט שטענדיק קומען מיט אירע קינדער. אָפטמאָל פלעגט צו זיי קומען פאַרברענגען מאַרענע — אַ כמעט דערוואַקסן יונג מיידל. נאָר מער פון אַלעמען האָט, אָבער, געהאָלפן גוט פאַרברענגען די אַלטע פרוי נעטלאַ. זי איז געווען אַ גאַנץ זעלבשטענדיקע פערזאָן, און וועגן אַלץ האָט זי געהאַט אירע אייגענע אידייען. „ניין", פלעגט זי זאָגן, „מיט קינדער פאַרדריי איך זיך מער נישט; מיר וועט פאָרלויפיק קלעקן דער דאָזיקער שפּאַס".

פאַלינע פלעגט דעמאָלט פרעגן: „פאַרוואָס זשע נישט, אויב דאָס איז אַ שפּאַס?" און פרוי נעטלאַ פלעגט מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זי איז בייז און זאָגן: „דאָס איז, אָבער, אַ שלעכ-טער שפּאַס, און איך וויל אים מער נישט". אַלע האָבן זיך אויסגעצייכנט אַמוזירט. מען איז געזעסן אַלע איניינעם און געפּלוידערט. קיינמאָל איז נאָך די קינדער נישט אויסגעקומען אַזויפיל זאַכן צו הערן.

אפילו פון די פרינצן פלעגט איצטער אויך אַמאָל קומען עמיץ און פאַרברענגען דאָ אַביסל. לכתחילה איז עס צוגעגאַנגען אַביסל אָנגעצויגן, איבערהויפּט ווייל די קינדער פלעגן זיך נאָך שטאַרק קרעמפּירן. נאָר דאָס איז אינגיכן אַריבער, און עס פלעגט שוין זיין געמיטלעך. באַמבי האָט באַוווּנדערט דעם פרינץ ראָנאָ, אַ חשובן סאָלידן הער, און האָט שטורמיש גע-ליבט דעם יונגן שיינעם קאַרוס. זיי האָבן שוין אַראָפּגעוואָרפן זייערע קרוינען, און באַמבי פלעגט אָפט באַטראַכטן די צוויי גרויע רונדע בערגלעך, וואָס זענען פאַרבליבן אויף די פרינצנס קעפּ; די בערגלעך זענען געווען גלאַט, האָבן געגלאַנצט, און געהאַט פיל צאַרטע ערטער. דאָס האָט אויסגעזען גאָר גרויס-אַרטיק.

מוראדיק שפּאַנענדיק פלעגט זיין, ווען עמיצער פון די פרינצן האָט דערציילט וועגן אים. ראָנאָ האָט אויף דעם לינקן פאָדערפוס געהאַט אַ דיקן גוז, באַוואָקסן מיט פעלץ.

ער האָט געהונקען אויף אָט דעם פוס און פלעגט אָפט פרעגן: „צי איז טאַקע קענטיק, אַז איך הינק?" אַלע פלעגן אים תיכּף פייערלעך פאַרזיכערן, אַז ס'איז גאָר קיין ברעקל סימן נישטאָ פון הינקען. און דאָס פלעגט ראָנאָ טאַקע וועלן הערן. אַגב, האָט זיך זיין הינקען באמת זייער ווייניק אָנגעזען. „יאָ", פלעגט ער דאַן פאָרזעצן, „איך בין ניצול געוואָרן פון אַ רעכטן אומגליק". און דאַן פלעגט ראָנאָ דערציילן, ווי ע ר איז אים באַפאַלן אומגעריכט און האָט אים צוגעשליידערט דאָס פייער. ער האָט אָבער געטראָפן נאָר אין פוס. עס האָט ווי געטון ביז משוגע צו ווערן. קיין וווּנדער נישט: דער ביין איז געווען צעשמעטערט. ראָנאָ האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן, און פליטה געמאַכט אויף דריי פיס. און ער איז כּסדר געלאָפן, נישט געקוקט אויף דער מידקייט, ווייל ער האָט גוט באַמערקט, אַז מען פאַרפאָלגט אים. ער האָט נישט אָפּגעשטעלט זיך, ביז ס'איז געוואָרן נאַכט. ערשט דאַן האָט ער זיך דער־לויבט אָפּצורוען. אָבער אויף מאָרגן האָט ער פון אינדערפרי ווידער געלאָזט זיך לויפן, ביז ער האָט זיך דערפילט פול־שטענדיק זיכער. דאָ האָט ער אָפּגערוט, איז פאַרבליבן אַליין, פאַרבאָרגן, און געוואַרט, ביז די וווּנד וועט זיך פאַרהיילן. ענדלעך האָט ער שוין געקאָנט אַרויסגיין, און איז געווען אַ העלד. ער הינקט, אָבער ער גלויבט, אַז מען מערקט דאָס נישט.

איצטער, אַז אַלע זענען אַזוי אָפט און אַזוי לאַנג גע־ווען צוזאַמען, און מען האָט אויסדערציילט זייער פיל מעשיות, האָט באַמבי אַסך זיך אָנגעהערט וועגן א י ם. זיי פלעגן דערציילן, וואָס פאַר אַ שרעק עס איז צו קוקן אויף א י ם. קיינער איז נישט בכּוח צו קוקן אין אָט דעם בלייכן פּנים. באַמבי האָט דאָס שוין געוווּסט פון זיין אייגענער דערפאַרונג. זיי פלעגן אויך רעדן פון דעם ריח, וואָס ער פאַרשפּרייט, און אויך וועגן דעם וואָלט באַמבי געהאַט וואָס צו זאָגן, נאָר ער איז געווען צו פיין דערצויגן, אַז ער זאָל זיך אַריינמישן אין געשפּרעכן פון דערוואַקסענע. זיי האָבן דערציילט, אַז

דערדאָזיקער ריח האָט טויזנטערליי פאַרשידנקייטן, און פונ-דעסטוועגן קאָן מען אים תּמיד תּיכּף דערקענען, ווייל ער איז אַלעמאָל מערקווירדיק אויפרייצנדיק, לאָזט זיך גאָר נישט אויספאָרשן, און איז סודותדיק און פול מיט גרויל. זיי האָבן געררעדט וועגן דעם, אַז ע ר ברויכט גאָר צוויי פיס צום גיין, און האָבן באַוואונדערט די קראַפט פון זיינע הענט. איינ-קע האָבן נישט געוווסט, וואָס איז דאָס אַזוינס: הענט. ווען מען האָט דאָס אויפגעקלערט, האָט פרוי נעטלאַ באַמערקט: „איך זע דאָ נישט פון וואָס נתפעל צו זיין. די וועווערקע מאַכט אויך דאָס אַלץ, וואָס איר שילדערט, און דיזעלבע בריהשאַפט קאָן באַווייזן יעדע קליינע מויז". זי האָט גרינג-שעצנדיק אָפגעקערט דעם קאָפ. „אָהאָ!", האָבן אַנדערע אויס-געררופן און געגעבן איר צו פאַרשטיין, אַז עס איז נאָך אַ גרויסער חילוק. נאָר פרוי נעטלאַ האָט זיך נישט געוואָלט באַרואיקן. „און דער פאַלק?", האָט זי געטענהט, „און דער מויז-אָדלער? און די סאָווע? די האָבן דאָך איבערהויפט נאָר צוויי פיס, און אַז זיי ווילן עפּעס, ווי איר רופט דאָס, אָננעמען, שטעלן זיי זיך אַוועק נאָר אויף איין איינציקן פוס און האַלטן צו מיטן צווייטן. דאָס איז אַ היפּש ביסל שווע-רער, און דאָס קאָן ע ר זיכער נישט". פרוי נעטלאַ איז לחלוטין נישט געווען געגויגט וואָס נישט-איז צו באַוואונדערן אין א י ם. זי האָט אים פיינד געהאַט מיטן גאַנצן האַרצן. „ע ר איז עקלהאַפט", האָט זי אָפּגעפּסקנט, און ביי דעם איז זי פאַרבליבן. קיינער האָט איר אויך נישט דערווידערט, ווייל קיין איינציקער האָט נישט געהאַלטן, אַז ער פאַרדינט ליבע. דער ענין איז, אָבער, געוואָרן פאַרפלאָנטערטער, בעת מען האָט גענומען באַהויפּטן, אַז ע ר האָט אַ דריטע האַנט, — נישט בלויז צוויי הענט, נאָר אויך אַ דריטע. „דאָס איז אַן אַלטע בבא-מעשה", האָט פרוי נעטלאַ אָפּגעפּאַטערט, „איך גלויב אין דעם נישט". „אַזוי גאָר?", האָט איצט ראָנאָ זיך אַריינגע-מישט, „און אפשר קאָנט איר מיר זאָגן, מיט וואָס האָט ער מיר צעקאַליעטשעט דעם פוס?" — „דאָס איז שוין אייער עסק".

האָט פרוי נעטלאַ זאָרגלאָז געענטפערט, „מיר האָט ע ר גאָר־
נישט געקאַליעטשעט". מומע ענאַ האָט זיך אָנגערופן:
„איך האָב פיל געזען אין מיין לעבן, און איך מיין, אַז עפעס
איז פאַראַן אין דעם, וואָס מען פאַרזיכערט, אַז ער פאַרמאָגט
אַ דריטע האַנט". דער יונגער קאַרוס האָט העפלעך באַמערקט:
„איך קאָן מיט אייך נאָר מסכּים זיין. איך בין באַפריינדט
מיט אַ קראָ..." ער האָט פאַרלעגן זיך אָפּגעשטעלט און אַלע־
מען אין דער רייע אָנגעקוקט. ער האָט מורא געהאַט, מען
זאָל פון אים נישט חוזק מאַכן. ווען ער האָט, אָבער, באַמערקט,
אַז מען הערט אים אויפמערקזאַם, האָט ער פאָרגעזעצט: „די
קראָ איז זעלטן געבילדעט. דאָס מוז מען אָנערקענען, אַ וווּנ־
דער ווי זי איז געבילדעט... און זי דערציילט, אַז ע ר האָט
ווירקלעך דריי הענט, נאָר נישט תּמיד. די דריטע האַנט, זאָגט
די קראָ, איז די בייזע. זי איז נישט צונויפגעוואָקסן, ווי די
צוויי אַנדערע, נאָר ער טראָגט זי אָנגעהאָנגען אויפן אַקסל.
די קראָ דערציילט, אַז זי ווייסט זייער גענוי, ווען ע ר, אָדער
עמיץ איינער פון זיין מין, איז געפערלעך און ווען נישט.
אַז ער קומט אַהער אָן דער דריטער האַנט, דעמאָלט איז ער
נישט געפערלעך". פרוי נעטלאַ האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.
„דיין קראָ איז אַ נאַר, מיין ליבער קאַרוס, גריס איר דאָס
פון מיר. וואָלט זי געווען אַזוי קלוג, ווי זי מיינט, וואָלט זי
באַדאַרפט וויסן, אַז ע ר איז תּמיד געפערלעך, תּמיד, תּמיד".
אָבער נישט אַלע האָבן מיט דעם איינגעשטימט. באַמביס מוטער
האָט געזאָגט: „עס טרעפן זיך דאָך אַזעלכע פון זיי, וואָס
זענען אינגאַנצן נישט געפערלעך. דאָס זעט מען באַלד". —
„אַזוי?", האָט פרוי נעטלאַ געפרעגט, „וועסט אפשר בלייבן
שטיין, ביז זיי וועלן צוקומען נאָענט און נאָך זאָגן זיי אַ גוט
מאָרגן?" באַמביס מוטער האָט מילד געענטפערט: „פאַרשטייט
זיך, אַז שטיין וועל איך נישט בלייבן, איך וועל אָפּציען".
און פאַלינע האָט אַרויסגעפּלאַצט: „מען מוז שטענדיק אַנט־
לויפן!" אַלע האָבן זיך צעלאַכט. בעת זיי האָבן, אָבער, ווידער
גענומען רעדן וועגן דער דריטער האַנט, זענען זיי געוואָרן

ערנסט, און ביסלעכווייז האָט אַלעמען אַ שרעק דורכגענומען. ווייל וואָס ס'זאָל דאָרטן נישט זיין, אַ דריטע האַנט צי עפּעס אַנדערש, אַלצאיינס איז עס געווען אימהדיק, און זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז. זיי האָבן פון דעם געוווּסט נאָר פון פרעמדע דערציילונגען, און נאָר אייניקע פון זיי האָבן דאָס אַליין געזען: ער שטייט זיך אַזוי אויף אַ ווייטן מהלך, רירט זיך נישט; מען קאָן נישט פאַרשטיין, נישט וואָס ער טוט, נישט ווי דאָס פּאַסירט; פּלוצלינג קומט אַ דונערקנאַל, עס פליט אַרויס אַ פייער, און ווייט פון אים פאַלט מען אום מיט אַ צעריסענער ברוסט און מען שטאַרבט. זיי האָבן אַלע זיך צוזאַמענגעבויגן, ווען זיי האָבן גערעדט פון דעם, זיי האָבן געפילט אַ פינצטערע קראַפט, וואָס הערשט איבער זיי, אומבאַגרייפלעך ווי אַזוי. נייגיריק האָבן זיי געהאָרכט די פיל דערציילונגען, וואָס זענען תּמיד פול געווען מיט פּחדים, שרעק און יאָמער. אומדערמידלעך האָבן זיי אויפגענומען אַלץ, וואָס מען האָט גערעדט וועגן דעם: פאַרשידענע אויסגעטראַכטע געשיכטעס, לעגענדעס און מעשהלעך, וואָס האָבן געשטאַמט נאָך פון זיידעס און עלטערזיידעס און האָבן אומבאַוווּסטזיניק, מיט פּחד, פון די מעשיות געוואָלט דערגיין, וואָס אַזוינס דאַרף מען טון אויף איבערצובעטן אָט די פינצטערע קראַפט, אָדער אויף צו קאָנען זיך ראַטעווען פון איר.

„ווי קאָן דאָס גאָר געמאָלט זיין?", האָט דער יונגער קאַרוס געזאָגט שטאַרק פאַרקלערט, „וואָס ער שטייט זיך פונדערווייטן און וואַרפט פונדעסוועגן אום?"

„האָט דיר דיין קלוגע קראָ דאָס נישט געגעבן צו פאַרשטיין?", האָט פרוי נעטלא געחוזקט.

„ניין", האָט קאַרוס אַ שמייכל געטון, „זי זאָגט, אַז זי האָט דאָס פיל מאָל געזען, נאָר קיינער קאָן דאָס נישט דערקלערן".

„אַז ע ר וויל, שליידערט ער דאָך אויך די קראָ פון בוים אַראָפּ", האָט באַמערקט ראָנאָ.

„און ער טרעפט אויך דעם פּאזאַן אין דער לופט, האָט צוגעגעבן מומע ענאַ.

באַמביס מוטער האָט געזאָגט: „ער וואַרפט זיין האַנט, מיין באַבע האָט דאָס מיר דערציילט".

„אַזוי?", פרעגט פרוי נעטלאַ, „וואָס-זשע איז דאָס, וואָס קנאַלט אַזוי שוידערלעך?"

„בעת ער רייסט פון זיך אָפּ די האַנט", האָט באַמביס מוטער דערקלערט, „בליצט דאַן אויף אַ פייער און עס קראַכט ווי אַ דונער. ער איז אינעווייניק אינגאַנצן פון פייער".

„זייט מיר מוחל", האָט איצט ראָנאָ געזאָגט, „אַז ער איז אינעווייניק אינגאַנצן פון פייער — דאָס איז ריכטיק. אָבער די מעשה מיט דער האַנט איז אַ טעות. אַ האַנט קאָן נישט מאַכן אַזעלכע וואונדן. איר מוזט דאָס אַליין מודה זיין. עס איז גיכער אַ צאָן דאָס, וואָס ער שליידערט אויף אונדז. זעט איר, — אויב אַ צאָן, — דאַן ווערן פיל זאַכן פאַר-שטענדלעך. און מען שטאַרבט אויך פון זיין ביס".

דער יונגער קאַרוס האָט טיף אָפּגעזיפצט: „וועט ער דען קיינמאָל נישט אויפהערן צו פאַרפאָלגן אונדז?"

דאָ האָט זיך אָפּגערופן דאָס כמעט שוין דערוואַקסענע מיידל, מאַרענע: „יאָ, עס וועט קומען אַ טאָג, ווען ער וועט אַרומגיין צווישן אונדז און וועט זיין אַזוי מילד ווי מיר. ער וועט פאַרברענגען מיט אונדז, דער גאַנצער וואַלד וועט גליקלעך זיין, און עס וועלן הערשן פרייד און פרידן".

פרוי נעטלאַ האָט לאַכנדיק אויסגעשריגן: „מיר זענען אים מוחל דעם פרידן, זאָל ער בעסער בלייבן, ווו ער איז, און אונדז לאָזן צורו!"

מומע ענאַ האָט אומצופרידן אַ זאָג געטון: „פונדעסטוועגן... מען דאַרף אַזוי נישט רעדן".

„פאַרוואָס עפּעס נישט?", האָט פרוי נעטלאַ זיך געהיצט. „האָט איר געהערט אַן איינפאַל, איינשטעלן פרידן! זינט מיר קאָנען געדענקען, מאָרדעט ער אונדז, אונדז אַלעמען, אונדזערע שוועסטער, מוטערס און ברידער. זינט מיר זענען אויף דער

וועלט, רויבט ער אונדזער רו, טויט אונדז, ווו באַר מיר באַווייזן זיך... און דערנאָך זאָלן מיר מיט אים שליסן שלום? אַזאַ שטות!"

מאַרענע האָט אַלעמען אָנגעקוקט, און אירע גרויסע אויגן האָבן רואיק געגלאַנצט: "שלום מאַכן איז נישט קיין שטות", האָט זי געזאָגט. "דער פרידן מוז קומען".

פרוי נעטלאַ האָט זיך אָפּגעקערט. "איכ'ל מיר זוכן עפּעס עסן", האָט זי געזאָגט און איז אַוועק.

דער ווינטער האָט געהאַלטן. פון צייט צו צייט איז געוואָרן לינדערער, אָבער באַלד פלעגט ווידער אָנפאַלן שניי און אָנהויפּן זיך אַלץ העכער און העכער, אַזוי אַז עס איז געווען זייער שווער אים אַוועקצושאַרן. צרהדיק איז געווען, ווען דער פראָסט האָט איינמאָל נאָכגעלאָזט און דער צעשמאָלצענער שניי איז דערנאָך איבערנאַכט ווידער געוואָרן איינגעפרוירן. עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ דינער אייז-צודעק, און מען האָט אויף אים נישט געקאָנט איינשטיין. אָפט פלעגט זיך דאָס אייז איינ-ברעכן, און זיינע שאַרפע שפּליטערן האָבן געשניטן ביז בלוט די צאַרטע קלאָען-געלענקן פון דער אינד.

איצטער, אָבער, דויערט שוין זייט עטלעכע טעג אַ פראָסט. די לופט איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך ריין און שיטער און פול מיט קראַפט. זי האָט אָנגעהויבן צו קלינגען מיט זייער אַ פיינעם, הויכן טאָן. זי האָט געזונגען וועגן קעלט.

אין וואַלד איז געווען שטיל, נאָר יעדן טאָג פלעגן פאַסירן שרעקלעכע זאַכן. איינמאָל זענען ראָבן באַפאַלן דעם פריינד האָזס יונגן זון, וואָס איז אַזוי אויך געלעגן קראַנק, און האָבן אים געטויט אויף אַ גרויזאַמען אופן. מען האָט לאַנג געהערט זיין רחמנותדיקן, יאָמערלעכן געשריי. פריינד האָז האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטערוועגס, און אַז ער האָט באַקומען די טרויעריקע ידיעה, איז ער אויסער זיך געווען פון צער. אַ צווייט מאָל איז די וועווערקע אַרומגעלאָפן מיט אַ גרויסער וווּנד אויפן האַלדז, צעביסן פונם מאַרדער. על-פּי-נס האָט די וועווערקע באַוויזן צו אַנטלויפן פון אים. זי האָט פון ווייטיק נישט געקאָנט רעדן, זי איז אַרומגעלאָפן איבער אַלע צווייגן. אַלע האָבן דאָס געקאָנט זען. זי איז אַרומגע-לאָפן, ווי משוגע. פון צייט צו צייט פלעגט זי זיך אָפּשטעלן, זיך צוזעצן, פאַרצווייפלט אויפהויבן די פאָדערשטע לאַפּקעס און מיט שרעק און צער כאַפּן זיך פאַרן קאָפּ; דערביי פלעגט רויט בלוט אַ שטראָם טון אויף איר ווייסער ברוסט. כמעט אַ שעה צייט איז זי אַזוי אַרומגעלאָפן. דערנאָך איז זי פּלוצלינג געוואָרן צוזאַמענגעבראָכן, האָט זיך אַ זעץ געטון אין די

צווייגן און אַ גוֹסטנדיקע אַראָפּגעפּאַלן אין שניי. תּיכּף זענען אונטערגעקומען אַ פּאָר סאָראָקעס, כּדי אָנצוהויבן זייער סעודה. אַן אַנדערש מאָל, ווידער, האָט דער פּוקס צעריסן דעם שיי־נעם שטאַרקן פּאַזאַן, וואָס האָט געגאָסן אַלעמענס ליבע און אַכטונג. זיין טויט האָט דערוועקט מיטגעפיל אין די ווייטסטע קרייזן, און אַלע האָבן באַדויערט די פּאַרצווייפלטע אַלמנה. דער פּוקס האָט דעם פּאַזאַן אַרויסגעשלעפּט פון שניי, ווו יענער האָט זיך געהאַט טיף פאַרגראָבן, גלויבנדיק, אַז דאָרטן איז ער זיכער מיט זיין לעבן.

קיינער האָט שוין נישט געקאָנט פילן זיך רואיק, ווייל דאָס אַלץ האָט פּאַסירט אינמיטן העלן טאָג. די גרויסע נויט, וואָס האָט גאָר קיין סוף נישט געוואָלט נעמען, האָט געוועקט אכזריות און הפקרות. זי האָט אָפּגעווישט אַלע דערפּאַרונגען, אונטערגעגראָבן דאָס געוויסן, פאַרניכטעט אַלע גוטע מנהגים און זיטן, צעשטערט דאָס פאַרטרויען. קיינער האָט מער נישט געוווּסט פון רחמנות, פון אָפּהאַלט, פון רו.

„מען קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אַז עס זאָל אַמאָל ווערן בעסער", האָט געקלאָגט באַמביס מוטער.

מומע ענאַ האָט צוגעגעבן מיט אַ זיפץ: „און מען גע־דענקט שוין גאָרנישט, אַז ווען עס־איז זאָל האָבן געווען בעסער".

„נו, פונדעסטוועגן", האָט מאַרענע געזאָגט, בליקנדיק אין דער ווייט, „איך דערמאָן זיך שטענדיק וועגן דעם, ווי שיין ס'איז פריער געווען!"

„הערט נאָר", האָט פרוי נעטלאַ געזאָגט צו מומע ענאַן, „אייער קליינער ציטערט דאָך!" זי האָט געוויזן אויף גאָבאָן. „ציטערט ער אַזוי שטענדיק?"

„ליידער", האָט מומע ענאַ געענטפערט פאַרזאָרגט, „שוין זייט פיל טעג".

„באַ", האָט אַ זאָג געטון פרוי נעטלאַ אויף איר אָפּענעם שטייגער, „איך פריי זיך נאָר, וואָס איך האָב מער קיין קינ־דער נישט. וואָלט דער קליינער געווען מיינער, וואָלט איך

אמתע שרעק געהאַט, צי וועט ער איבערלעבן דעם ווינטער".
מיט גאָבאָן האָט ווירקלעך געהאַלטן שמאָל. ער איז געווען שוואַך, פון שטענדיק אָן איידעלער געבויט איידער באַמבי אָדער פאַלינע. ער איז אויך פאַרבליבן קלענער פון זיי ביידן. איצט איז אים פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער. ער האָט נישט פאַרטראָגן די איצטיקע שפייז. זי האָט אים פאַר־שאַפט בויכווייטיק. פון קעלט און איבלקייט איז ער שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. עס האָט אים כסדר געפיבערט, און ער האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן. אַלע האָבן געקוקט אויף אים מיט מיטלייד.
פרוי נעטלאַ איז צוגעגאַנגען און האָט אים פריינדלעך אַ שטופּ געטון אין זייט. „נאָר נישט זיין פאַראומערט", האָט זי שטרענג געזאָגט. „דאָס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַ קליי־נעם פרינץ, און עס איז אומגעזונט". זי האָט זיך אָפּגעקערט, בכדי קיינער זאָל נישט מערקן, ווי גערירט זי איז.
ראָנאָ, וואָס איז געזעסן אין שניי, אַביסל אין דער זייט, איז אויפגעשפּרונגען. „איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז..." האָט ער אַ מורמל געטון און פאָרשנדיק גענומען זיך ארומ־קוקן.
מען איז אַלע געוואָרן אויפמערקזאַם. „וואָס איז דען..?" האָט מען זיך געפרעגט.
„איך ווייס אויך נישט", האָט ראָנאָ איבערגעחזרט, „נאָר איך בין אומרואיק... פּלוצלינג בין איך געוואָרן אומרואיק... אַזוי ווי עס וואָלט עפּעס שלעכטס זיך געמאַכט..."
קאַרוס האָט געפּרוווט די לופט. „איך שפּיר נישט קיין שום זאַך", האָט ער דערקלערט.
אַלע זענען געשטאַנען אָנגעשטרענגט, איינגעהאָרכט זיך און געפּרוווט די לופט. „גאָרנישט!", „מען שפּירט קיין שום זאַך נישט..." האָט איינע נאָך דער אַנדערער פעסטגעשטעלט.
„פונדעסטוועגן!", איז ראָנאָ באַשטאַנען אויף זיינס, „איר מעגט זאָגן, וואָס איר ווילט... עס איז עפּעס נישט גוט..."
מאַרענע האָט זיך אָנגערופן: „די קראָען האָבן גערופן..."

„זיי רופן ווייטער״, האָט שנעל צוגעגעבן פּאַלינע. איצ־טער האָבן אַלע שוין געהערט.

„אָט פליען זיי!״, האָט קאַרוס אויפמערקזאַם געמאַכט די איבעריקע.

אַלע האָבן זיך אומגעקוקט. איבער די בוימער־שפּיצן זענען געפלויגן סטאַיעס קראָען. זיי זענען געקומען פון ברעג וואַלד, פון יענער זייט, וואָס פון איר קומט געוויינלעך אָן די געפאַר, און האָבן דאָרט אויבן אויפגערעגט גערעדט צווישן זיך. עס איז געווען קענטיק, אַז עפּעס האָט זיי שטאַרק באַ־אומרואיקט.

„זעט איר, בין איך נישט געווען גערעכט?״, האָט ראָנאָ געפרעגט. „מען זעט דאָך, אַז עפּעס קומט דאָ פאָר!״

„וואָס־זשע טוט מען?״, האָט באַמביס מוטער אַרויסגע־מורמלט צעשראָקן.

„תיכף אָפּציען!״, האָט מומע ענאַ, אַן אויפגערעגטע, פאָרגעלייגט.

„וואַרטן!״, האָט ראָנאָ באַשטימט.

„מיט די קינדער?״ האָט מומע ענאַ דערווידערט. „מיט די קינדער, בעת גאָבאָ קאָן גאָר נישט לויפן?״

„טאָ גוט״, האָט ראָנאָ צוגעגעבן, „גייט איר אַוועק מיט אייערע קינדער. איך האַלט דאָס אפילו פאַר צוועקלאָז, אָבער איך וויל נישט, מען זאָל דערנאָך צו מיר טענות האָבן״.

ער איז געווען ערנסט און אַנטשלאָסן.

„קום, גאָבאָ! פּאַלינע, קום! אָבער שטיל! לאַנגזאַם! און בסדר הינטער מיר״, האָט מומע ענאַ אָנגעזאָגט. און זי מיט אירע קינדער האָבן זיך אַרויסגערוקט.

ס׳איז אַוועק אַביסל צייט. מען איז אַלע געשטאַנען שטיל, געהאָרכט און געשנאַפּט.

„נאָך דאָס האָט אונדז געפעלט צו אונדזער איצטיקער מערכה״, האָט אָנגעהויבן פרוי נעטלאַ. נאָך קנאַפּ, אַפנים, האָבן מיר דאָס איצט אויסצושטיין!״ זי האָט זיך זייער געער־

גערט. באַמבי האָט זי אָנגעקוקט און האָט דערפילט, אַז זי טראַכט וועגן עטוואָס שרעקלעכס.

דערווייל האָבן די סאָראָקעס גענומען פּילדערן אויף דער זעלבער זייט וואַלד, וואָס פון דאָרטן זענען דורכגעפלויגן די קראָען. זיי האָבן געשריגן צו דריי-פיר אויף אַמאָל. „גיט אַכט, אַכט, אַכט, אַכט!"—האָבן זיי גערופן. מען האָט זיי נאָך נישט געזען, אָבער מען האָט געהערט, ווי איינע נאָך דער אַנדערער און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געוואָרנט און גערופן: „אַכטאַכטאַכט!" באַלד זענען זיי געקומען נענטער און האָבן אין שרעק געפלאַטערט פון איין בוים אויפן אַנדערן, אומגע-קוקט זיך און ווידער געפלאַטערט, אָן אָפּרו, אין גרויס פּחד.

„אַך!", האָבן זיך צעשריגן די אייכלראָבן, און הילכיק גענומען רופן אויף אַלאַרם.

פּלוצלינג האָבן די אינדן אויפגעצאַפּלט, אַלע מיטאַמאָל, ווי אַ שלאַק וואָלט זיי געטראָפן. באַלד זענען זיי געבליבן שטיין שטיל און האָבן געצויגן די לופט.

דאָס איז געווען ע ר.

אַ כוואַליע שאַרפע ריחות האָט זיך דערטראָגן אַהער. מער איז שוין נישט געווען וואָס צו פאַרשן. דער גערוך האָט געריסן די נאָז, פאַרטונקלט די געדאַנקען און געמאַכט גליווערן דאָס האַרץ.

עס האָבן נאָך גענפּילדערט די סאָראָקעס און די אייכל-ראָבן האָבן געשריגן, אָבער איצטער איז שוין אַלץ אַרום לעבעדיק געוואָרן. הונדערטער בלויפויגלען האָבן, ווי באַפּע-דערטע קליינע פּילקעס, געשוועבט צווישן די צווייגן און גע-טשיריקעט: „אַנטלויפט! אַנטלויפט!.." דראָסלען האָבן שוואַרץ און שנעל פאַרבייגעבליצט און פאַרשווונדן געוואָרן מיט גע-צוויטשעריי. דורכן טונקעלן געפלעכט פון די נאַקעטע קוסטעס האָבן זיך געזען שמאָלע, קליינע שאָטנגעשטאַלטן, ווי זיי דריי-ען זיך אַהין און אַהער איבערן ווייסן שניי-באָדן. דאָס זענען געווען פאַזאַנען. ערגעץ האָט עפּעס רויטס אויפגעשימערט. געווויס, דאָס איז געווען דער פוקס. נאָר קיינער האָט איצ-

טער פאַר אים קיין מורא נישט געהאַט. ווייל עס האָט אַלץ געשטראָמט, אָן אויפהער, אין ברייטע כוואַליעס, דער שרעקלעכער ריח, וואָס האָט אָנגעיאָגט אויף זיי שוידער און גרויל, און אַלעמען האָט איצט פאַרייניקט אַ בשותפותדיקער ווילדער פחד און איין איינציקער פיבערהאַפטער פאַרלאַנג — אַנטלויפן און זיך ראַטעווען.

דער געהיימנישפולער, מעכטיקער ריח האָט אַזוי שטאַרק אָנגעפילט דעם וואַלד, אַז ס'איז לייכט געווען צו פאַרשטיין, אַז ע ר איז דאָסמאָל געקומען נישט אַליין, נאָר מיט אַלע זייניקע, און די סכנה איז אויסערגעוויינלעך גרויס.

זיי האָבן נישט גערירט זיך. זיי האָבן געקוקט, ווי די בלויפויגלען און דראָסלען שלייכן פאַרביי — מיט אַ בחיפזונדיקן פלאַטערן, ווי די וועווערקעס טאַנצן ראַשיק פון איין שפּיץ בוים צום צווייטן. זיי האָבן געטראַכט, אַז אין פלוג האָט נישט דאָס דאָזיקע קליינוואַרג וואָס מורא צו האָבן. פונדעסטוועגן האָבן זיי פאַרשטאַנען זייער בהלה: ע ר לאָזט זיך הערן, און קיין שום באַשעפעניש אין וואַלד קאָן נישט פאַרטראָגן זיין נאָענטקייט.

פריינד האָז האָט אויך צוגעטענצלט. אַ ווײַלע איז ער געזעסן שטיל, און דערנאָך אַוועקגעטענצלט ווייטער.

„ווי האַלט דאָס?”, האָט קאַרוס אומגעדולדיק ביי אים אַ פרעג געטון.

אָבער פריינד האָז האָט נאָר אומגעקוקט זיך מיט ווילדע אויגן און נישט געקאָנט גלייך ענטפערן. ער איז געווען שטאַרק צערודערט.

„צוואָס נאָך פרעגן?...” האָט פינצטער געזאָגט ראָנאָ.

דער האָז האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם. „מיר זענען אַרומגערינגלט”, האָט ער געזאָגט טאָנלאָז. „אויף קיין זייט קאָן מען נישט אַרויס. אומעטום איז ע ר!”

אין דער זעלבער רגע האָבן זיי דערהערט ז יי ן קולצוואָנציקפאַך, דרייסיקפאַך האָט זיך געקייקלט זיין „האָהאָ! האַהאַ!” עס האָט געהילכט דערשיטערנדיקער, איידער שטורעם

און געוויטער. ער האָט געקנאַקט אין די בוימערשטאַמען, אַז ס׳האָט אַזש געדונערט. אַ גרויל האָט עס אַרויסגערופן; עס האָט דערדריקט. עס האָט זיך דערהערט פונדערווייטן דאָס רוישן און קנאַקן פון פונאַנדערגעריסענע קוסטעס, דאָס קרעכצן און קראַכן פון צעבראָכענע צווייגן.

ע ר איז דאָ!

ע ר איז אַריין אַהער, אין דער געדיכטעניש.

פון ערגעץ הינטן האָט איצטער זיך געטראָגן אַ כאָרכ־לענדיקע צוויטשעריי, ווי קורצע פייפן, און דאָס פּאַטשן פון ברייט־פונאַנדערגעשפּרייטע פליגל. צעשראָקן דורך ז יי נ ע נאָענטע טריט, האָט אַ פאַזאַן אויפגעהויבן זיך אינדערהויך. דאָרטן אינדערהויך האָבן זיינע פליגל אָנגעהויבן אַלץ שטי־קער זיך באַוועגן. מיטאַמאָל — אַ דונערקנאַל. שטיל. און דאַן אַ פאַל אַראָפּ און אַ זעץ אין דער ערד. „ער איז געפאַלן", האָט געזאָגט באַמביס מוטער, טרייסלענדיק זיך. „דער ערשטער..." האָט ראָנאָ צוגעגעבן. און מאַרענע, דאָס יונגע מיידל, האָט געזאָגט: „אין אָט דער שעה וועלן פיל פון אונדז שטאַרבן. אפשר וועל איך אויך זיין צווישן זיי". קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט. אַ גרויסע שרעק האָט איצט דאָ געוועלטיקט.

באַמבי האָט געפּרוווט טראַכטן, נאָר דער פאַרטויבנדיקער ליאַרעם, וואָס איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, האָט צעקלאַפּט יעדן געדאַנק. באַמבי האָט קיין זאַך נישט געהערט, אויסער דעם דאָזיקן ליאַרעם, וועלכער האָט טויב געמאַכט, און צווישן דעם גאַנצן וואָיען, דונערן און קראַכן האָט ער גע־הערט קלאַפּן זיין אייגן האַרץ. ער האָט געפילט נאָר אַ ניי־גיר, און נישט געוווּסט גאָר, אַז ער ציטערט מיט אַלע זיינע גלידער. פון צייט צו צייט פלעגט אים זיין מוטער זאָגן אין אויער: „זיי נאָר לעבן מיר". זי האָט געשריגן, נאָר איבערן געפּילדער איז באַמבין אויסגעקומען, אַז זי רוימט אים דאָס איין שטיל. דאָס דאָזיקע „זיי נאָר לעבן מיר" איז פאַר אים געווען ווי אַ אָנבאָט פון הילף. דער מוטערס ווערטער האָבן אים געהאַלטן פעסט, ווי מיט אַ קייט, אַנדערש וואָלט ער שוין

לאַנג געלאָזט זיך לויפן הענדום־פּענדום; און ער פלעגט ־עם „זיי נאָר לעבן מיר" דערהערן אַלע מאָל פּונקט אין יענעם מאָמענט, ווען ער האָט שוין אָט פאַרלוירן די מאַכט איבער זיך און גרייט געווען זיך לאָזן לויפן. ער האָט זיך אומגע־קוקט. עס האָט געווימלט פון אַלערליי באַשעפענישן, וואָס האָבן בלינד אַרומגעיאָגט זיך אין אַלע זייטן. אַ פּאָר ווילזלען זענען פאַרבייגעלאָפן, ווי דינע, זיך שלענגלענדיקע פּאַסן, — מיטן בליק האָט מען מער גאָרנישט נישט געקאָנט כאַפּן. אַ טכויר איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט און צוגעהאָרכט זיך צו יעדער ידיעה, וואָס דער פאַרצווייפלטער האָז האָט אַרויסגע־שטאַמלט. דאָרטן איז געשטאַנען דער פוקס, אין אַ גאַנצן געזעמעל פון אונטערשפּרינגענדיקע פאַזאַנען. זיי האָבן וועגן אים אינגאַנצן נישט געקימערט זיך, זענען געלאָפן האַרט ביי זיין נאָז, און אויך ער האָט זיך נישט געקימערט וועגן זיי. ער איז געשטאַנען אָן באַוועגונג, מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז, מיט הויך אויפגעשפּיצטע אויערן און צעשפּרייטע נאָז־לעכער, און צוגעהאָרכט זיך צום גערויש, וואָס האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט. ער האָט נאָר גערדרייט דעם ווידל און שטיל געקלאַפּט מיט אים. דאָס איז געווען אַ מין אָנגע־שטרענגטע פאַרטראַכטקייט. אַ פאַזאַן איז אַין איילעניש פאַר־בייגעגאַנגען. ער איז געקומען פון דאָרטן, פון דער ערגסטער געפאַר, און איז געווען אויסער זיך. „נאָר זיך נישט אויפ־הויבן!", האָט ער געשריגן צו די זייניקע. „נישט אויפהויבן זיך... נאָר לויפן! נישט אויפהויבן זיך, קיינער זאָל זיך נישט אויפהויבן! לויפן, לויפן, לויפן!" — ער האָט כסדר איבער־געחזרט דאָס זעלבע, ווי ער וואָלט דאָס זיך אַליין געוואָלט דערמאָנען. נאָר ער האָט שוין נישט געוווּסט וואָס ער רעדט. האָהאָ! האָהאַ! — האָט געהילכט שוין זייער נאָענט. „נאָר נישט אַוועקרייסן זיך!", האָט געשריגן דער פאַזאַן. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זיך זיין אייגענע שטים פאַרהאַקט, ער האָט אָנגעהויבן ווי שלוכצן מיט אַ משונהדיקן געפּייף, די פליגל האָבן זיך אים ברייט צעשפּרייט, און ער האָט זיך

אויפגעהויבן אינדערהויך. באַמבי האָט אים נאָכגעקוקט, ווי ער איז געפלויגן צווישן די בוימער גלייך אויף אַרויף, רוישנדיק מיט די פליגלען און שטאָלץ שימערנדיק מיט דעם טונקל-בלויען און גאָלדברוינעם מעטאַל-גלאַנץ פון זיין קערפּער. גדלותדיק איז אים נאָכגעהאָנגען זיין שלעפּ פון לאַנגע שטויס-פעדערן. שאַרף האָט אַ הילך געטון אַ קורצער דונערקנאַל. דער פאַזאַן דאָרט אויבן האָט ראַפּטום איבערגעריסן זיין פלי, האָט זיך אַ קוליע געטון אין דער לופטן, פונקט ווי ער וואָלט מיטן שנאָבל וועלן אָנכאַפּן די אייגענע פיס, און איז שווער אַראָפּגעפאַלן. ער איז אַראָפּגעפאַלן צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע און מער שוין נישט גערירט זיך.

מער האָט זיך שוין קיינער נישט געקאָנט באַהערשן. אַ פינף-זעקס פאַזאַנען האָבן גלייכצייטיק אויפגעהויבן זיך מיט אַ הילכיקן געריודער. „נישט אויפהויבן זיך", האָבן געשריגן די איבעריקע און זענען געלאָפן. דער דונער האָט געקנאַלט פינף מאָל, זעקס מאָל, און אייניקע פון די אויפשטייגנדיקע זענען באַלד טויטע אַראָפּגעפאַלן צום באָדן.

„איצטער קום!", האָט די מוטער געזאָגט. באַמבי האָט אַ בליק געטון. ראָנאָ און קאַרוס זענען שוין אַוועק. ס'איז אויך פאַרשוווּנדן פּרוי נעטלאַ. נאָר מאַרענע איז נאָך געווען לעבן זיי. באַמבי איז געגאַנגען מיט זיין מוטער, און מאַרענע האָט זיי באַשיידן נאָכגעפאָלגט. אַרום און אַרום האָט געקלאַפּט, רעקראַכט, געבריליט און געדונערט. די מוטער איז געווען „ואיק. זי האָט לייכט געציטערט, נאָר זי האָט זיך באַהערשט. באַמבי, מיין קינד", האָט זי געזאָגט, „פאַרבלייב כסדר הינ-טער מיר. מיר מוזן דאָ אַרויס און אַריבערכאַפּן זיך איבער דער לאָנקע. אָבער דאָ אינעווייניק גייען מיר לאַנגזאַם".

דער ליאַרעם איז געוואָרן אַלץ ווילדער און ווילדער. צען-צוועלף מאָל האָט געקנאַלט דער דונער, וואָס ער שליי-דערט מיט זיינע הענט.

„וואַרט נאָר", האָט די מוטער געזאָגט. „נישט לויפן! ערשט ווען מיר וועלן אַרויס אויף דער לאָנקע, זאָלסטו לויפן

מיט אַלע כּוחות. און פאַרגעס נישט, באַמבי, מיין קינד, אז ווען מיר וועלן שוין זיין אין דרויסן, טאָרסטו מער נישט זיך אומקוקן אויף מיר. אפילו אויב איך וועל אומפאַלן, טאָרסטו אויף דעם קיין אַכט נישט לייגן... נאָר ווייטער און ווייטער! פאַרשטייסטו, באַמבי?״

נישט געקוקט אויפן גרילצנדיקן ליאַרעם, איז די מוטער געגאַנגען פּלאַנמעסיק, טריט ביי טריט. קרייך און קווער זע-נען אַרומגעלאָפן פאַזאַנען; זיי פלעגן פאַרקריכן אין שניי, נאָר באַלד אַרויסשפּרינגען צוריק און ווייטער לאָזן זיך לויפן. די גאַנצע משפחה פונם האָז האָט אַרומגעהאָפּסלט אהין און צו-ריק, אָט זיך צוגעזעצט און באַלד געהאָפּסלט ווייטער. קיינער האָט נישט גערעדט קיין וואָרט. אַלע זענען געווען אויסגע-שעפּט פון פחד, געליימט פון דעם געבריל און קנאַלן פון די דונערן.

פאָרויס פאַר באַמבין און זיין מוטער איז געוואָרן ליכ-טיקער. דורך דעם צווייגן-געפלעכט האָט געהעלט די לאָנקע. פון הינטן האָט אַלץ נענטער און נענטער געברויזט דאָס שרעקלעכע געפויקעריי אין די בוימער-שטאַמען, עס האָבן גע-קנאַקט די צעבראָכענע צווייגן, און עס האָט געברילט: האהא! האָהאָ! — — —

האַרט פאַרבּיי זיי זענען פאַרביַיגעלאָפן פריינד האָז מיט צוויי קרובים זיינע, און זענען אַרויסגעלאָפן אויף דער פריי. —בום! פּענג, באַם! — האָט געקנאַלט דער דונער. באַמבי האָט געזען, ווי פריינד האָז האָט אינמיטן לויפן געמאַכט אַ מאָד-נעם קאָזשעליק, האָט זיך איבערגעקערט מיטן העלן בויך אויף אַרויף, און איז געבליבן ליגן. ער האָט אַביסל געוואָרפן זיך און איז שטיל געוואָרן. באַמבי איז געשטאַנען פאַרשטיי-נערט.

אָבער הינטער אים האָט מען געשריגן: „זיי זענען שוין דאָ! אַלע מוזן אַרויס!״

אַ האַסטיק געפּאַטשעריי פון ברייט-צעשפּרייטע פליגלען, אַ געפּייפּעריי, אַ שלוכצן, אַ גערויש פון פעדערן און פון

פליען. די פאַזאַנען האָבן זיך כמעט גאַנצע טשאַטעס מיט־אַמאָל אָפּגעריסן פון באָדן און זיך אויפגעהויבן אין דער הויך. די לופט האָט זיך געשפּאָלטן פון דעם כסדרדיקן דונערן, און מען האָט געהערט די טעמפּע זעץ אין באָדן פון די גע־טראָפענע און דאָס פּיינע פּלי־פּייפן פון די געראַטעוועטע.

באַמבי האָט דערהערט טריט און אומגעקוקט זיך אויף הינטן. עס איז געווען ע ר. ער איז געגאַנגען צווישן די קוסטעס. אַלע מאָל האָט ער זיך באַוויזן פון ערגעץ אַנדערש, פון צווישן די קוסטעס, און ער האָט געקלאַפּט אין די שטאַ־מען און געשריגן מיט אַ מוראדיקן קול.

„איצט!", האָט געזאָגט די מוטער, „גלייך! און נישט צו נאָענט הינטער מיר!" מיט איין שפּרונג איז זי געווען דרויסן, מיט אַזאַ אימפּעט, אַז פון שניי האָט זיך געהויבן אַ שטויב. באַמבי איז געלאָפן גלייך נאָך איר. דער דונער האָט איבער זיי געקנאַלט פון אַלע זייטן. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די ערד צעפּאַלט זיך אויף שטיקער. באַמבי האָט גאָרנישט נישט געזען. ער איז געלאָפן. אין אים האָט זיך מיט־אַמאָל פונאַנדערגעבוינדן דער אָנגעזאַמלטער פאַרלאַנג אַרויסצוקריגן זיך פונעם ליאַרעם, אַרויסראַטעווען זיך פון אָט דעם גהינום, וואָס שמייסט ווי מיט בייטשן. ער איז געלאָפן. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט געזען די מוטער פאַלן, נאָר ער האָט נישט געוווּסט, צי זי איז באמת געפאַלן. ער האָט געפילט ווי אַ שלייער פאַר די אויגן. דאָס האָט פאַרנעפּלט זיין בליק דער פּחד פאַרן דו־נער, וואָס האָט אַרום אים געקנאַלט. ער האָט נישט געקאָנט וועגן קיין שום זאַך קלערן, קיין זאַך מערקן. ער איז געלאָפן.

די לאָנקע איז שוין געווען דורכגעשניטן. זיי זענען ווידער אַריין אין אַ געדיכטעניש. הינטער אים האָט נאָכאַמאָל אָפּגעהילכט אַ געשריי, נאָכאַמאָל האָט שאַרף אַ קנאַל געטון דער דונער, און אין די צווייגן איבער אים האָט גערוישט, ווי עס וואָלט אָנגעהויבן צו האָגלען. דערנאָך איז געוואָרן שטילער. באַמבי איז אַלץ געלאָפן. אַ שטאַרבנדיקער פאַזאַן איז געלעגן אויפן שניי מיט אַ פאַרדרייטן האַלדז, און האָט

נאָך קוים געריידט מיט די פליגל, אַז ער האָט דערהערט באַמבין צוקומען, האָט ער איינגעהאַלטן זיינע קראַמפּהאַפטע באַוועגונגען און אַרויסגעשעפּטשעט: „עס איז אויס...״ באַמבי האָט נישט אומגעקוקט זיך אויף אים, און איז געלאָפן ווייטער. די געדיכטעניש, אין וועלכער ער איז איצט אַריין, האָט אים געצוווּנגען צו מעסיקן זיין לויף און צו זוכן אַ שטעג. „דאָ אַרום״, האָט עמיצער אויסגערופן מיט אַ געבראָכענער שטים. באַמבי האָט נישט טראַכטנדיק געפאָלגט, און איז אַרויסגעקומען אויף אַ סטעזשקע. דאָ האָט עמיצער מיט גרויס מי זיך אויפגעהויבן אים אַנטקעגן. דאָס איז געווען די פרוי פון פריינד האַז. זי האָט דאָס גערופן. „אפשר קאָנט איר מיר אַביסעלע באַהילפיק זיין?״, האָט זי געזאָגט. באַמבי האָט זי אָנגעקוקט און איז דערשיטערט געוואָרן. אירע הינטערשטע פיס זענען איר טויט נאָכגעהאָנגען אויפן שניי, וואָס איז געווען געפאַרבט רויט און צעשמאָלצן פון בלוט. זי האָט נאָכאַמאָל געזאָגט: „אפשר קאָנט איר מיר אַ ביסעלע באַהילפיק זיין?״ זי האָט גערעדט געלאַסן און כמעט מונטער, ווי אינגאַנצן געזונט. „איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר האָט געקאָנט געשען״, האָט זי פאַרגעזעצט, „עס איז געוויס אַ קלייניקייט... נאָר גראָד איצטער... איך קאָן נישט גיין...״ נאָר אינמיטן רעדן איז זי אומגעפאַלן אויף אַ זייט און איז געבליבן טויט. באַמבין האָט ווידער אַרומגענומען אַ שרעק, און ער איז ווידער געלאָפן.

„באַמבי!״

ער איז שטיין געבליבן שטיל. דאָס איז געווען ווער פון זייניקע.

נאָך אַמאָל האָט דורכגעהילכט: „באַמבי... דו ביסט דאָס?״

דאָס האָט גאָבאָ הילפלאָז געשטעקט אין שניי. ער איז געווען אינגאַנצן אָן כוחות, האָט שוין נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס, געלעגן ווי איינגעגראָבן, און האָט נאָר שוואַך אויפגעהויבן דעם קאָפּ. באַמבי איז האַסטיק צו צו אים.

„ווּ איז דיין מוטער, גאָבאָ?", האָט ער געפרעגט פאַר־סאַפּעט, „און ווּ איז פאַלינע?" באַמבי האָט גערעדט שנעל, אויפגערעגט און אומגעדולדיק. דער פּחד האָט נאָך, נישט גע־מינערט, געוועלטיקט אין זיין האַרץ.

„מוטער און פאַלינע האָבן דאָך געמוזט לויפן ווייטער", האָט גאָבאָ געענטפערט. ער האָט גערעדט שטיל, נאָר קלוג און ערנסט, ווי אַ גרויסער. „זיי האָבן מיך געמוזט דאָ ליגן לאָזן, איך בין געפאַלן; און אויך דו, באַמבי, מוסט לויפן".

„הויב זיך אויף!", האָט באַמבי אויסגעשריגן. „הויב זיך אויף, גאָבאָ! האָסט גענוג אָפּגערוט. איצטער איז דערויף מער נישטאָ קיין צייט. הויב זיך אויף! קום מיט מיר!"

„ניין, לאָז אָפּ", האָט גאָבאָ שטיל דערווידערט. „איך קאָן נישט אויפשטיין. דאָס איז אוממעגלעך. איך וואָלט דאָס גערן געטון, דו פאַרשטייסט דאָס אַליין, נאָר איך בין צו שוואַך".

„וואָס־זשע וועט זיין מיט דיר?", איז באַמבי צוגעשטאַנען.

„איך ווייס אַליין נישט. מסתּמא וועל איך שטאַרבן", האָט גאָבאָ געזאָגט איינפאַך.

ווידער האָט זיך אויפגעהויבן און געקוילערט אַ געשריי. דער דונער האָט ווידער געקנאַלט. באַמבי האָט אויפגעצאַפּלט. די צווייגן האָבן אַ קנאַק געטון, עס האָט זיך דערהערט אַ ראַשיקע געטופּעריי אין שניי, און מיט ליאַרעם איז געקומען צו לויפן דער יונגער קאַרוס. „לויפן!", האָט ער אויסגעשריגן, בעת ער האָט דערזען באַמבין. „נישט בלייבן שטיין, ווער עס קאָן נאָך לויפן!" אין איין אויגנבליק איז ער פאַרשוווּנדן, און זיין בהלהדיק לויפן האָט מיטגעריסן אויך באַמבין. באַמבי האָט אפילו נישט געפילט רעכט, ווי ער האָט אָנגעהויבן לויפן, און ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט: „זיי געזונט, גאָבאָ!" נאָר גאָבאָ האָט שוין נישט געקאָנט דאָס הערן.

ער איז ביז אין אָוונט אַרומגעלאָפן אין וואַלד, ווּ ס'איז פול געווען מיט ליאַרעם און דונער. ערשט ווען עס האָט אַראָפּ־געניִדערט די טונקלקייט, איז געוואָרן שטיל. אַ לייכטער ווינט

האָט אַוועקגעטראָגן דעם עקלהאַפטן ריח, וואָס איז אומעטום פאַרשפּרייט געווען. נאָר די אויפרעגונג איז פאַרבליבן. דער ערשטער באַקאַנטער, וועמען באַמבי האָט געטראָפן, איז געווען ראָנאָ. ער האָט געהונקען נאָך מער ווי פריער. „אַנטקעגן, אין דעמבן-וועלדל", האָט ראָנאָ דערציילט, „ליגט דער פוקס אין ווונדפיבער. איך בין לעבן אים פאַרבייגעגאַנגען. אַ גרויל, ווי ער ליידט. ער בייסט אַזש דעם שניי און די ערד".

„האָט איר אפשר געזען מיין מוטער?", האָט באַמבי גע-פרעגט.

„ניין", האָט ראָנאָ געענטפערט פאַרלעגן, און איז שנעל אַוועק.

שפּעטער אין דער נאַכט, האָט באַמבי געטראָפן פרוי נעטלאַ מיט פאַלינען. אַלע דריי האָבן זיך שטאַרק דערפרייט.

„האָסטו אפשר מיין מוטער געזען?", האָט באַמבי גע-פרעגט.

„ניין", האָט פאַלינע געענטפערט, „איך ווייס אויך נישט, וווּ מיינע איז".

„אָט האָסטו דיר!", האָט פרוי נעטלאַ מונטער אויסגע-רופן. „בין איך דאָס אַ שלים-מזל. איך האָב אַזוי געפרייט זיך, וואָס איך דאַרף נישט מער פּלאָגן זיך מיט קינדער, און איצטער — נאָט אייך צוויי מיטאַמאָל, וואָס איך מוז פאַר זיי זאָרגן. אַ שיינעם דאַנק!"

באַמבי און פאַלינע האָבן געלאַכט.

זיי האָבן גערעדט וועגן גאָבאָן. באַמבי האָט דערציילט, ווי ער האָט אים געפונען ליגן, און זיי זענען געוואָרן אַזוי גערירט, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן וויינען. נאָר פרוי נעטלאַ האָט נישט דערלויבט וויינען. „קודם-כל מוזט איר זען קריגן עפּעס עסן. אומדערהערט! אַ גאַנצן טאָג האָט מען אַ ברעקל אין מויל נישט געהאַט".

זי האָט זייביידן געפירט אויף ערטער, ווו עס איז נאָך געווען אַביסל בלעטער, וועלכע זענען געהאָנגען נידעריק און נישט געווען אינגאַנצן פאַרדאַרט. פרוי נעטלאַ האָט אויסגע-

צייכנט געקאָנט זיך אַן עצה געבן. זי אַליין האָט גאָרנישט טועם געווען, נאָר זי האָט געזאָגט באַמבין מיט פּאַלינען, זיי זאָלן גוט עסן. זי האָט אויף גראָזיקע ערטער אָפּגעשאַרט פאַר זיי דעם שניי און האָט אָנגעזאָגט: „דאָ... דאָס איז גוט", אָדער: „ניין, וואַרט מיר וועלן באַלד געפינען עטוואָס בעסערס". אינצווישן, אָבער, פלעגט זי זיך בייזערן: „סאַראַ טיפּשות! וואָס פאַר אַ צרות מען שטייט דאָס אויס פון קינדער!"

פלוצלינג האָבן זיי דערזען אָנקומען די מומע ענאַ, און זיי האָבן זיך אַ לאָז געטון איר אַנטקעגן. „מומע ענאַ!", האָט אויסגערופן באַמבי. ער האָט דער ערשטער זי דערזען. פּאַלינע, אויסער זיך פון פרייד, האָט גלייך אַוועקגעטאַנצט צו איר. „מאַמע!" נאָר ענאַ האָט געוויינט, און איז געווען טויט-דער-שעפּט. „גאָבאָ איז נישטאָ", האָט זי געקלאָגט. „איך האָב אים געזוכט... איך בין ביי זיין געלעגער געווען, דאָרטן אין שניי, ווו ער איז אומגעפאַלן... עס איז פּוסט... ער איז נישטאָ... מיין אָרימער, קליינער גאָבאָ..."

פרוי נעטלאַ האָט אַ וואָרטשע געטון: „וואָלט איר בע-סער זיינע שפּורן געזוכט! דאָס איז אַ היפּש ביסל קליגער, ווי וויינען".

„נישטאָ קיין שום שפּורן פון אים", האָט מומע ענאַ גע-זאָגט. „אָבער... ער! ער האָט דאָרטן פיל שפּורן איבערגע-לאָזט... ער איז ביי גאָבאָס געלעגער געווען..."

אַלע האָבן געשוויגן. דעמאָלט האָט באַמבי געפרעגט מיט אַ געפאַלענער שטים: „מומע ענאַ... צי האָסטו, אפשר, נישט גע-זען מיין מאַמען?"

„ניין", האָט מומע ענאַ געענטפערט.

באַמבי האָט זיין מוטער שוין מער קיינמאָל נישט געזען.

די ווערבעס האָבן לאַנג שוין זייערע קעצלעך פאַרלאָרן, אַלץ האָט אָנגעהויבן גרינען. אָבער די יונגע בלעטעלעך אויף בוים און קוסט זענען נאָך געווען קליין. זיי האָבן גע-בלישטשעט אויפן צאַרטן ליכט פון די פרימאָרגן-שעהן און האָבן מיט זייער שמייכלענדיקער פרישקייט אויסגעזען ווי קינדער, וועלכע האָבן נאָר-וואָס דערוואַכט פון שלאָף.

לעבן אַ נוסביימל איז געשטאַנען באַמבי און געהאַקט מיט זיין נייער קרוין אָן דעם האָלץ. דאָס איז געווען זייער אָנגענעם. אויסערדעם איז דאָס טאַקע געווען שטאַרק נויטיק, ווייל די צירונג אויף זיין קאָפּ איז נאָך אַלץ באַדעקט געווען מיט אָפּגעלעבטער הויט און פעלץ. זיי האָבן, זעלבסטפאַר-שטענדלעך, געמוזט זיך אָפּשיילן; נאָר ווער עס זאָרגט וועגן אָרדענונג, וואַרט נישט, ביז די הויט און פעלץ וועלן אַליין זיך אָפּשיילן און אָפּפאַלן. באַמבי האָט געריבן זיין קרוין, און די פאַרדאַרטע הויט-הילע האָט זיך געריסן אויף שטיקער, און גאַנצע פאַסן פון איר האָבן זיך געבאָמבלט אויף זיינע אויערן. בעת ער האָט געשלאָגן אין נוסבוים, האָט ער דער-פילט, אַז זיין קרוין איז האַרטער פונם נוס-האָלץ. ער האָט זיך דערפילט ווי פאַרשיכורט פון קראַפט און שטאָלץ. ער האָט גענומען העפטיקער אָנגרייפן אויפן נוסבוים און האָט ביי אים אַרויסגעריסן לאַנגע שטיקער קאָרע. עס האָט זיך אָפּגעדעקט דאָס נאַקעטע ווייסע לייב פונם בוים, און, נישט צוגעוווינט צו דער פרייער לופט, האָבן די אַנטבלויזטע טיילן גלייך גענומען באַדעקן זיך מיט אַ רויטן זשאַווער. באַמבי האָט נישט געקאָנט דערמיט זיך רעכענען. ער האָט געזען, ווי אונטער זיינע קלעפּ בליצט-אויף דאָס העלע פלייש פונם האָלץ, און דאָס האָט אים באַגייסטערט. נאָך פיל אַנדערע אַרומיקע נוסבוימער און האַרטריגל-קוסטעס האָבן איצט געהאַט סימנים פון באַמבי'ס אַרבעט.

„נו, איר זענט שוין באַלד פאַרטיק...", האָט איבער אים נאָענט געזאָגט אַ מונטערע שטים.

באַמבי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אומגעקוקט זיך.

ערגעץ איז געזעסן די ווערעוועקע און פריינדלעך גע־בליקט צו אים.

איבער זיי האָט עמיצער שניידנדיק און קורץ צעלאַכט זיך: „טיאַ—האַ!"

באַמבי און די וועוועקע האָבן זיך כמעט ווי דער־שראָקן. דער פּיקהאָלץ, וואָס האָט געהאַקט אין שטאַם פון אַ דעמב, האָט אַרונטערגעשריגן: „זייט מיר מוחל... איך מוז יעדעס מאָל לאַכן, בעת איך זע אייך אין אַזאַ לאַגע".

„וואָס איז דאָ פאַראַן צום לאַכן?", האָט באַמבי העפ־לעך געפרעגט.

„פון דעם", האָט געזאָגט דער פּיקהאָלץ, „וואָס איר הויבט דאָס אָן אינגאַנצן פאַלש. ערשטנס, מוזט איר אויסקלייבן שטאַרקע בוימער, פון דינע נוסבוימלעך קומט גאָרנישט נישט אַרויס".

„וואָס דאַרף דען אַרויסקומען?", האָט באַמבי זיך פאַר־אינטערעסירט.

„זשוקעס..." האָט געלאַכט דער פּיקהאָלץ. „זשוקעס, רוי־פעס און לעלעס... גיט נאָר אַ קוק, אַזוי מאַכט מען דאָס!" ער האָט געפּויקט אינם דעמב־שטאַם: טוק, טוק, טוק, טוק.

די וועוועקע איז צו צו אים און האָט זיך אויף אים אָנגעבייזערט: „וואָס פּלוידערט איר דאָרטן? דער פּרינץ זוכט נישט קיין זשוקעס און לעלעס..."

„פאַרוואָס עפּעס נישט?", האָט דער פּיקהאָלץ געפרעגט אַ צופרידענער. „זיי זענען זייער באַטעמט..." ער האָט צעביסן אַ זשוק, אַראָפּגעשלונגען אים און ווידער געפּויקט.

„איר פאַרשטייט דאָס גאָרנישט", האָט די וועוועקע ווייטער געבייזערט זיך, „אַזאַ פאָרנעמער הער פאַרפאָלגט גאָר אַנדערע, העכערע צילן... איר בלאַמירט זיך נאָר..."

„דאָס גייט מיך אינגאַנצן נישט אָן", האָט דער פּיק־האָלץ געענטפערט. „איך פייף אויף די העכערע צילן", האָט ער לוסטיק אויסגעשריגן און איז אַוועקגעפלויגן.

די וועוועקע האָט ווידער אַראָפּגעטאַנצט.

„איר קענט מיך נישט?", האָט זי געפרעגט און גע־מאַכט אַ פריינדלעכע מינע.

„איך קען אייך", האָט באַמבי העפלעך געענטפערט, „איר וווינט אָט דאָ אויבן". ער האָט געוויזן אויפן דעמבּ.

די וועווערקע האָט מונטער אים אָנגעקוקט. „איר נעמט מיך אָן פאַר מיין באָבען", האָט זי געזאָגט. „איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז איר וועט מיך פאַרטוישן מיט מיין באָבען. ווען איר, פּרינץ באַמבי, זענט נאָך אַ קינד געווען, האָט דאָ אויבן געוווינט מיין באָבע. זי פלעגט מיר אָפט פון אייך דערציילן, יאָ... אָבער דער מאַרדער האָט זי געטויט... מיט אַ צייט צו־ריק, ווינטער... איר דערמאָנט זיך נישט?"

„איך האָב דערפון געהערט", האָט באַמבי צוגעשטימט.

„נאָך איר האָט מיין פאָטער זיך דאָ באַזעצט", האָט דערציילט די וועווערקע. זי האָט זיך אויפגעשטעלט גלייך, געמאַכט פאַרוווּנדערטע אויגן און העפלעך צוגעדריקט ביידע לאַפּקעס צו דער ווייסער ברוסט. „אָבער... אפשר מישט איר מיך צונויף מיט מיין פאָטער... האָט איר געקענט מיין פאָטער?"

„עס טוט מיר לייד", האָט באַמבי אָפּגעענטפערט, „איך האָב נישט געהאַט דאָס פאַרגעניגן".

„איך האָב דאָס באַלד געוווּסט!", האָט די וועווערקע אויסגעשריגן באַפרידיקט. „מיין פאָטער איז געווען אַזאַ מרוק, ער האָט מיט קיינעם קיין מגע־ומשא נישט געהאַט".

„ווּ איז ער איצטער?", האָט באַמבי געפרעגט.

„אַך", האָט די וועווערקע אָפּגעזיפצט, „מיט אַ מאָנאַט צוריק האָט אַ סאָווע אים אַוועקגעטראָגן. יאָ. איצטער וווין איך דאָ. איך בין זייער צופרידן. איר דאַרפט דאָס פאַרשטיין. איך בין דאָך דאָ אויבן געבוירן געוואָרן".

באַמבי האָט אָפּגעקערט זיך אַוועקצוגיין.

„שטייט נאָר אַ ווײַלע", האָט די וועווערקע שנעל אויס־געררופן. „נישט וועגן דעם אַלעמען האָב איך געוואָלט רעדן. איך האָב געוואָלט גאָר עפּעס אַנדערש זאָגן".

באַמבי איז שטיין געבליבן. „וואָס איז דען ?", האָט ער געדולדיק געפרעגט.

„יאָ... וועגן וואָס דען ?" די וועווערקע האָט נאָכגעקלערט, האָט געמאַכט אַ ראַפּטומדיקן שפּרונג, אַוועקגעזעצט זיך גלייך, אָנגעלענט אויף איר פּרעכטיקן עק, און געקוקט אויף באַמבין. „ריכטיק ! איצטער ווייס איך דאָס !", האָט זי ווייטער געפּלאַפּלט. „איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז איר זענט באַלד שוין פאַרטיק מיט אייער קרוין, און אַז זי וועט וווּנדערשיין".

„איר מיינט אַזוי ?" באַמבי האָט זיך געפרייט.

„וווּנדערשיין !", האָט די וועווערקע אויסגעשריגן און באַגייסטערט צוגעדריקט ביידע פאָדערשטע לאַפּקעס צו איר ווייסער ברוסט. „אַזוי הויך !" אַזוי גרויסאַרטיק ! און אַזעלכע לאַנגע העלע שפּיצן ! דאָס טרעפט מען זעלטן !"

„ווירקלעך ?", האָט באַמבי געפרעגט. ער איז געוואָרן אַזוי פריילעך, אַז ער איז תיכּף ווידער צו צו די נוסבוימלעך און אָנגעהויבן האַקן. לאַנגע פעדים קאָרע האָבן זיך געטראָגן ארום.

די וועווערקע האָט דערווייל ווייטער גערעדט. „איך מוז באמת זאָגן, אַנדערע אין אייער עלטער האָבן נישט אַזאַ פּרעכטיקע קרוין. עס שיקט זיך גאָרנישט. ס'איז פּשוט אומגלויבלעך... ווער עס האָט אייך געקענט פאָריקן זומער... איך האָב אייך אַ פּאָר מאָל געזען פונדערווייטן, און עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז איר זענט דערזעלבער... אַזעלכע דינע פלעקלעך, ווי איר האָט דעמאָלט געהאַט..."

באַמבי האָט פּלוצלינג אָפּגעשטעלט זיך. „זייט געזונט", האָט ער האַסטיק אויסגעשריגן. „איך מוז גיין !" און ער איז אַוועקגעלאָפן.

ער האָט נישט ליב געהאַט, מען זאָל אים דערמאָנען דעם פאַרגאַנגענעם זומער. אַ שווערע צייט איז דאָס פאַר אים געווען. לכתחילה, נאָך דער מוטערס פאַרשווינדן, האָט ער געפילט זיך זייער פאַרלאָזן. דער ווינטער האָט דעמאָלט גע-

דויערט זייער לאַנג, דער פריילינג האָט לאַנג זיך געלאָזט בעטן, און ערשט גאַנץ שפּעט האָט אָנגעהויבן גרינען. אָן פרוי נעטלאַ וואָלט באַמבי זיך גאָרנישט געקאָנט קיין עצה געבן, נאָר זי פּ׳עגט זיך אָננעמען פאַר אים און אים העלפן, מיט וואָס זי האָט געקאָנט. פונדעסטוועגן פלעגט ער זייער אָפט זיין איינגאַנצן אַליין. גאָבאָ האָט אים כסדר געפעלט, דער אָרעמער גאָבאָ, וואָס איז איצטער אויך טויט געווען, ווי פיל אַנדערע. באַמבי פלעגט דעמאָלט אָפט דערמאָנען זיך וועגן אים, און האָט ערשט דאַן ווי געהעריק באַגריפן, ווי ליב און גוט גאָבאָ איז געווען. פאַלינען האָט ער געזען זעלטן. זי האָט זיך תמיד געהאַלטן לעבן איר מוטער און איז געוואָרן זייער ציטעריק. שפּעטער, ווען עס איז לסוף וואַרים געוואָרן, איז באַמבי ווידער געקומען צו די כּוחות. ער האָט אַרומגעפּיילט זיין ערשטע קרוין, און האָט מיט איר שטאַרק געשטאָלצירט. נאָר באַלד איז געקומען די ביטערע אַנטוי־שונג. די אַנדערע געקרוינטע האָבן גענומען אים רודפן. ווי זיי פלעגן אים נאָר דערזען, פלעגן זיי אים אָנהויבן יאָגן. זיי פלעגן אים מיט צאָרן פאַרטרייבן, האָבן נישט פאַרטראָגן, אַז ער זאָל זיך מיט וועמען מקרב זיין, האָבן אים כסדר באַ־עוולהט. סוף כּל סוף האָט ער געמוזט אויסהיטן זיך אויף יעדן שריט, נישט אָנצושטויסן זיך אויף זיי, האָט מורא געהאַט זיך ערגעץ-ווו צו ווייזן, און אין אַ געדריקטער שטימונג האָט ער אַרומגעשלייכט אויף פאַרבאָרגענע וועגן. דערביי האָט אים באַהערשט אַ מאָדנע אומרו, און וואָס הייסער און זוניקער עס זענען געוואָרן די טעג — אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דאָס דאָזיקע געפיל. זיין האַרץ איז אַלץ מער און מער פאַר־כאַפּט געוואָרן דורך אַ בענקשאַפט, וואָס איז געווען פיינלעך און זיס צוזאַמען. בעת ער פלעגט אַמאָל צופעליק דערזען פון וויטן פאַלינען, אָדער אימיצן פון אירע חברטעס, פלעגט אים באַפאַלן אַן אומפאַרשטענדלעכע אויפרעגונג. אָפטמאָל פלעגט טרעפן, אַז ער האָט דערקענט זייערע שפּורן, און די אייינגעאָטעמטע לופט פלעגט אים ברענגען דעם הויך פון

זייער באָענטקייט. ער האָט דעמאָלט אַלע מאָל געפילט, ווי עס ציט אים אַן אויסערגעוויינלעכע קראַפט. איז ער אָבער געגאַנגען נאָך זיין פאַרלאַנג, וואָס האָט אים געריסן צו זיי, פלעגט ער שטענדיק האָבן אַ ביטערן סוף. אָדער ער האָט נאָך לאַנגע זוכענישן און בלאָנדזשענישן קיינעם נישט געטראָפן, און פלעגט לסוף זיך איבערצייגן, אַז יענע מיידן אים אויס, אָדער עס פלעגט אים כאַפן אין וועג איינער פון די געקרוינטע, און דעמאָלט פלעגט יענער וואַרפן זיך אויף אים, אים שלאָגן און שטויסן און פאַרטרייבן מיט זידלערייען. מיאוסער פון אַלעמען זענען זיך באַגאַנגען מיט אים ראָנאָ און קאַרוס. ניין, קיין גוטע צייט איז דאָס נישט געווען.

איצטער האָט די וועווערקע נאַרישערהייט אים דאָס דערמאָנט. ער איז מיטאַמאָל גאָר ווילד געוואָרן און האָט אָנגעהויבן צו לויפן. די בלויפויגלען און צוים-קיניגלעך זענען צעשראָקענע אַנטלאָפן פון די קוסטעס, פאַרביי וועלכע ער איז געלאָפן, און האָבן האַסטיק געפרעגט איינע ביי די אַנדערע: „ווער איז דאָס...? ווער איז דאָס געווען?” באַמבי האָט דאָס נישט געהערט. אַ פאָר סאָראָקעס האָבן נערוועז געפלאַפלט: „האָט וואָס פאַסירט?” דער אייכלראָב האָט געשריגן מיט רוגזה: „וואָס איז דאָרטן?!” באַמבי האָט אויף אים נישט אומגעקוקט זיך. דער גאָלדאַמזל האָט אינדערהויך פון בוים צו בוים געזונגען: „אַ גוט מאָרגן... איך בין פריילעך, אָ האָ-האָ!” באַמבי האָט נישט געענטפערט. די וואַלד-געדיכטעניש איז שוין געווען העל און אינגאַנצן דורכגעשפּינט מיט זונען-שטראַלן. באַמבין האָט דאָס נישט געאַרט. פלוצלינג האָט עפעס הילכיק אַ שאָרך געטון, כמעט ביי זיינע פיס, אַ גאַנצער רעגנבויגן העללעכע פאַרבן האָט אַ בליץ געטון און אויפגעלויכטן פאַר זיינע אויגן, און ער האָט, אַ פאַרבלענדעטער, זיך אָפגעשטעלט. דאָס איז געווען דער פאַזאַן יאַנעלאָ; אַ צעשראָקענער האָט ער זיך אויפגעהויבן אין דער לופט, מחמת באַמבי איז שיער אויף אים נישט אַרויפגעטראָטן. מיט זידלערייען איז ער אָפגעפלויגן. „אומדערהערט!”, האָט ער

געשריגן מיט זיין אָנגעשפּאָלטענער, קרייענדיקער שטים. באַמ־
בי איז געשטאַנען פאַרשעמט און האָט אים נאָכגעקוקט. „עס
האָט זיך נאָך גוט געענדיקט, אָבער דאָס איז דאָך באמת
אויסגעלאַסנקייט...", האָט זיך דערהערט אַ זאַנפטע צוויטשערנדי־
קע שטים הארט לעבן אים, פון דער ערד. דאָס איז געווען
יאַנעלינע, דעם פאַזאַנס פרוי. זי איז אויף דער ערד געזעסן,
אויף אייער. „מיין מאַן האָט זיך שרעקלעך דערשראָקן", האָט
זי מיט רוגזה פאָרגעזעצט, „און איך אויכעט. אָבער איך טאָר
פון אָרט זיך נישט רירן... איך וועל נישט רירן זיך פון אָרט
ביי קיינע אומשטענדן... מיך וואָלט איר רואיק געקאָנט צעטרעטן..."
באַמבי איז געשטאַנען אַ פאַרשעמטער. „זייט מיר מוחל",
האָט ער געשטאַמלט, „איך האָב דאָס געטון נישט מיט אַ כּיוון".
די פרוי האָט געענטפערט: „אָבער, ביטע! צו קיין
אומגליק וואָלט אפשר גאָרנישט געקומען. אָבער מיין מאַן און
איך זענען איצטער שרעקלעך דענערווירט. איר פאַרשטייט..."
באַמבי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען און איז געגאַנגען
ווייטער. ער איז געוואָרן רואיקער. דער וואַלד אַרום האָט גע־
זונגען. די זון האָט אַלץ מער הייס גאָלד אַראָפּגעשיקט, די
בלעטער אויף די קוסטעס, די גרעזער אויפן באָדן און די
פייכטע דאַמפנדיקע ערד האָבן אַלץ שטאַרקער גענומען שמעקן.
אין באַמבין האָט געברויזט די יונגע קראַפט און געשפּרייט
זיך איבער אַלע זיינע גלידער, אזוי אַז זיינע שטייפע
איינגעהאַלטענע באַוועגונגען זענען געווען כמעט אומנאַטירלעך.
ער איז צו צו אַ האָליונדער-קוסט, און הויך הויבנדיק
די קני, האָט ער גענומען זעצן מיט די פיס אין באָדן, אַזש
שטיקער ערד זענען געפלויגן. זיינע פיין־געשאַרפטע צע־
שפּאָלטענע קלאָען האָבן געשניטן דאָס גראָז, וואָס איז דאָ
געוואַקסן, און דעם וואַלד־אַרבעס און ציבעלעס, פיילכלעך און
שניי־גלעקלעך, און דאָס אַלץ אָפּגעשאַרט, ביז די ערד איז
געבליבן נאַקעט און שאַרף צעפּאַסעוועט. יעדער קלאַפּ זיינער
האָט טעמפּ אָפּגעהילכט.
צוויי מוילוואָרפן, וועלכע האָבן זיך געפּאָרקעט אינם

וואָרצל־געוועב פון אַן אַלטן בוים, זענען געוואָרן אויפמערק־זאַם, האָבן אַרויסגעבליקט און דערזען באַמבין, און גענומען אים באַטראַכטן. „אָבער... דאָס איז דאָך צום לאַכן, דאָס וואָס ער טוט״, האָט איינער געשעפּטשעט, „אַזוי קאָן מען דאָך גישט גראָבן...״

דער אַנדערער האָט שפּאָטיש פאַרצויגן זיין מוילווינקל. „ער האָט קיין ברעקל שכל נישט... דאָס זעט מען גלייך... אַזוי איז שוין שטענדיק, ווען אָט די לייט נעמען זיך מישן אין זאַכן, אין וועלכע זיי פאַרשטייען גאָרנישט״.

פּלוצלינג האָט באַמבי אויפגעהערט קלאַפּן, האָט פאַר־וואָרפן דעם קאָפּ, און גענומען איינהאָרכן זיך און קוקן דורך די בלעטער. דאָרט, פון צווישן די צווייגן, פינקלט אַ רויטער פלעק, דאָרט בלינצלען אומקלאָר שפּיצן פון אַ קרוין. באַמבי האָט אַ שטאַרקן סאַפּע געטון. ווער ס׳זאָל דאָרטן נישט זיין, וואָס שפּאַצירט אַרום, ראָנאָ, קאַרוס, צי עמיצער אַנדערש — ער מוז אַהין! באַמבי האָט מיט אימפּעט זיך אַהין אַוועקגע־לאָזט. „ווייזן, אַז איך האָב שוין קיין מורא נישט!״, האָט ער געטראַכט אין זיין פּלוצימדיקער באַרוישטקייט, „ווייזן, אַז איך בין דער, פאַר וועמען מען דאַרף גאָר מורא האָבן!״

אונטער זיינע שווערע טריט האָבן גערוישט די קוסטעס, געקנאַקט און געבראָכן זיך צווייגן. אָט זעט שוין באַמבי יענעם האַרט לעבן זיך. דערקענען, ווער דאָס איז, איז נישט מעגלעך געווען, באַמבין איז אַלץ געשווומען פאַר די אויגן. ער האָט געהאַט נאָר איין מחשבה: אויף אים! די קרוין טיף געבויגן, מיט זיין גאַנצער קראַפט אין נאַקן, האָט ער זיך געריסן פאָרויס, גרייט צו שטורמעווען. ער האָט שוין געפילט דעם ריח פונם קעגנערס האָר, ער האָט שוין מער קיין זאַך פאַר זיך נישט געזען, ווי נאָר די רויטע מויער — דעם קעגנערס ריפּ. נאָר אָט האָט יענער געמאַכט אַ לייכטע באַוועגונג, און באַמבי האָט זיך נישט אָנגעשטויסן אָן אים, נאָר אַ פראַל געטון פאַרביי. ער האָט זיך שיער נישט איבערגעקוליעט. ער האָט זיך אַ

וואקל געטון, פאַרהאַלטן זיך, און אַ קער געטון זיך אויף צוריק צו אַ נייעם אָנגריף.

ערשט איצט האָט ער דערקענט דעם אַלטן.

באַמבי איז אַזוי איבעראַשט געווען, אַז ער האָט מער נישט געוועלטיקט איבער זיך. ער האָט פּשוט געשעמט זיך צו אַנטלויפן, — ער וואָלט דאָס צומליבסטן געטון, — און ער האָט אויך זיך געשעמט דאָ צו בלייבן. ער האָט זיך נישט גערירט.

„נו...?", האָט געפרעגט דער אַלטער שטיל און רויִק. זיין טיפע שטים, וואָס איז געווען אַזוי געלאַסן און באַפעלעריש, האָט, ווי תמיד, טיף דורכגעדרונגען באַמביס האַרץ. ער האָט געשוויגן.

דער אַלטער האָט איבערגעחזרט: „...נו...?"

„איך האָב געמיינט...", האָט באַמבי געשטאַמלט, „...איך... געמיינט... ראָנאָ... אָדער..." ער האָט געשוויגן, און קוים אַנטשלאָסן זיך אָנצוקוקן דעם אַלטן. זיין אָנבליק האָט אים נאָך מער צעמישט.

דער אַלטער איז געשטאַנען שטייף און מעכטיק. זיין קאָפּ איז שוין געווען אינגאַנצן ווייס, און זיינע טונקעלע שטאָלצע אויגן האָבן טיף געלויכטן.

„פאַרוואָס נישט אַנטקעגן מיר...?", האָט דער אַלטער געפרעגט.

באַמבי האָט אים אָנגעקוקט, און איז בעת מעשה פול געווען מיט וווּנדערבאַרער באַגייסטערונג, אַ געהיימנישפולער ציטער האָט אים אַדורכגענומען. ער וואָלט גערן אויסגעשריגן: „ווייל איך האָב אייך ליב!" נאָר געזאָגט האָט ער: „איך ווייס נישט..."

דער אַלטער האָט אים באַטראַכט: „איך האָב דיך לאַנג נישט געזען. דו ביסט גרויס און שטאַרק געוואָרן".

באַמבי האָט נישט געענטפערט. ער האָט געציטערט פאַר פרייד.

דער אַלטער האָט נישט אויפגעהערט אים אויפמערקזאַם צו באַטראַכטן. דערנאָך איז ער מיטאַמאָל גאָר נאָענט צו צו באַמ-

בין, אַזוי אַז יענער האָט שטאַרק זיך דערשראָקן. „האַלט זיך העלדיש...״, האָט דער אַלטער געזאָגט.

ער האָט זיך אָפּגעקערט און גלייך געוואָרן פאַרשווונדן. באַמבי איז נאָך לאַנג געשטאַנען אויפן זעלבן אָרט.

עס איז געווען זומער און גליענדיק הייס. אין באַמבין האָט דערוואַכט די זעלבע בענקשאַפט, וואָס ער האָט אַמאָל שוין געפילט. נאָר איצטער איז זי פיל שטאַרקער געווען, ווי פריער; זי האָט געקאָכט אין זיין בלוט און גערויבט זיין רו. ער איז כסדר אַרומגעלאָפן.

איינמאָל האָט ער געטראָפן פאַלינען. ער האָט זי געטראָפן אינגאַנצן אומדערוואַרט, זיינע געדאַנקען זענען דאַן אַזוי צעמישט געווען פון נאָגנדיקע באַגערן און זיינע חושים אַזוי פאַרנעפּלט, אַז ער האָט זי לכתחילה אַפילו נישט באַמערקט. זי איז געשטאַנען פאַר אים. באַמבי האָט זי באַטראַכט אַ וויילע, אָן לשון. דערנאָך האָט ער מיט געפיל געזאָגט: „פאַלינע... ווי שיין דו ביסט געוואָרן..."

פאַלינע האָט געענטפערט: „דו דערקענסט מיך שוין?"

„איך זאָל דיך נישט דערקענען!", האָט באַמבי אויסגערופן. „זענען מיר דען נישט צוזאַמען אויסגעוואַקסן?"

פאַלינע האָט אָפּגעזיפצט: „מיר האָבן זיך אַזאַ צייט נישט געזען..." דערנאָך האָט זי צוגעגעבן: „מען ווערט אינגאַנצן פאַרפרעמדט". אָבער זי האָט שוין גערעדט מיט איר אַמאָליקן טאָן פון פיינעם שפּאַס.

זיי זענען פאַרבליבן צוזאַמען.

„אָט דאָ, מיט דעם וועג", האָט באַמבי געזאָגט שפּעטער אַביסל, „פלעג איך קינדווייז גיין מיט מיין מוטער..."

„דער וועג פירט צו דער לאָנקע", האָט באַמערקט פאַלינע.

„אויף דער לאָנקע האָב איך דיך דאָס ערשטע מאָל געזען", האָט באַמבי פייערלעך דערמאָנט. „געדענקסט דאָס נאָך?"

„יאָ", האָט פאַלינע געענטפערט, „מיך און גאָבאָן". זי האָט לייכט אָפּגעזיפצט: „אָרעמער גאָבאָ!"

באַמבי האָט נאָכגעזאָגט: „אָרעמער גאָבאָ!"

זיי האָבן פונאַנדערגעשמועסט זיך וועגן יענער צייט, און יעדע וויילע זיך קעגנזייטיק געפרעגט: „געדענקסט דאָס נאָך?"

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי געדענקען נאָך אַלצדינג, און ביידע זענען געווען אַנטציקט.

„דרויסן אויף דער לאָנקע“, האָט באַמבי דערמאָנט זיך, „האָבן מיר געשפּילט אין כאַפּערלעך... געדענקסט דאָס נאָך?“

„איך גלויב, אַזוי איז דאָס געווען...“ פאַלינע איז אָפּגעשפּרונגען, ווי אַ בליץ. באַמבי איז לכתחילה שטיין געבליבן אין שטאַרקער פאַרלעגנהייט, אָבער באַלד האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט נאָך איר. „וואַרט נאָר! וואַרט!“, האָט ער אַ גליקלעכער גערופן.

„איך וואַרט נישט“, האָט פאַלינע געשפּאַסט. „איך אייל זיך שרעקלעך“. לייכט שפּרינגענדיק, האָט זי געמאַכט אַ גרויסן קרייז, ווייט אַהין, דורך קוסטעס און גראָז. ענדלעך האָט באַמבי זי אָנגעיאָגט און פאַרשטעלט איר דעם וועג, און זיי זענען ווייטער רואיק געשטאַנען צוזאַמען. זיי האָבן געלאַכט און פרייליך פאַרבראַכט. פּלוצלינג האָט פאַלינע אַ שפּרונג געטון אינדערהויך, ווי געשטאָכן, און האָט פונדאָסניי אַוועקגעגאַלאָפּירט. באַמבי איז איר נאָכגעשפּרונגען. פאַלינע האָט פאַרקניפּט אַ בויגן נאָך אַ בויגן, פלעגט אומקערן זיך און ווידער אַוועקגעשפּרונגען.

„בלייב שטיין!“, האָט באַמבי, אַ פאַרסאַפּעטער, גערופן, „בלייב שטיין... איך דאַרף דיך עפּעס פרעגן“.

פאַלינע איז שטיין געבליבן. „וואָס ווילסטו פרעגן?“, איז זי געוואָרן בייגיריק.

באַמבי האָט געשוויגן.

„אַך, דו האָסט נאָר קאַטאָוועס געטריבן...“ פאַלינע האָט געוואָלט אָפּקערן זיך.

„ניין!“ באַמבי האָט גערעדט שנעל: „בלייב דאָך שטיין... איך וויל... איך וויל דיך פרעגן... ליבסטו מיך, פאַלינע?“

זי האָט אים אָנגעקוקט נאָך פיל בייגיריקער, ווי פריער, און אַביסל אויסשפּירנדיק: „דאָס ווייס איך נישט“.

„דאָך“, איז באַמבי צוגעשטאַנען, „דו מוסט דאָס וויסן! איך ווייס דאָך אויך, איך פיל דאָס זייער גוט, אַז איך ליב

דיך. איך האָב דיך ליב ביז משוגעת, פּאַלינע. און איצטער, זאָג דו, צי האָסטו מיך ליב...״

„עס קאָן זייער זיין, אַז איך האָב דיך ליב״, האָט זי לייכט אַ זאָג געטון.

„און וועסט בלייבן מיט מיר?״, האָט באַמבי, אַן אויפגעּרעגטער, געפּאָרשט.

„אויב דו וועסט מיך גוט בעטן...״, האָט פּאַלינע געענטפערט.

„איך בעט דיך, פּאַלינע! געליבטע, שיינע, טייערע פּאַּלינע!״, האָט באַמבי גערופן אין אַנטציקונג. „הערסט, איך בעט דיך, מיט מיין גאַנץ האַרץ!״

„דאַן וועל איך געוויס בלייבן מיט דיר״, האָט פּאַלינע געזאָגט — און איז אַוועק.

אַן אַנטציקטער, האָט באַמבי געלאָזט זיך נאָך איר, ווי אַ פייל פון בויגן. פּאַלינע האָט דורכגעשניטן די לאָנקע, זיך געגעבן אַ דריי אויס, און איז פאַרשוווּנדן אין דער וואַלד־געדיכטעניש. אָבער בעת באַמבי האָט זיך אויך אויסגעדרייט, כדי איר נאָכצופּאָלגן, האָט זיך דערהערט אַ רויש פון צווישן די קוסטעס, און ס׳איז אַרויסגעשפּרונגען קאַרוס.

„האַלט!״, האָט ער גערופן.

באַמבי האָט נישט פאַרשטאַנען. צופּיל איז ער געווען פאַרנומען מיט פּאַלינען. „לאָז מיך אַדורך״, האָט ער האַסטיק געזאָגט, „איך האָב פאַר דיר קיין צייט נישט״.

„טראָג זיך אָפּ!״, האָט קאַרוס מיט כעס אויסגערופן. „תיכּף טראָג זיך אָפּ! אויב נישט, וועל איך דיך געבן אַ יאָג, אַז די נשמה וועט פון דיר אַרויס! איך פאַרווער דיר נאָכצולויפן נאָך פּאַלינען!״

אין באַמבין האָט דערוואַכט די דערינערונג פון פאָריקן זומער, ווען ער פלעגט אַזוי אָפט און עלנט געטריבן ווערן. ער איז אַריין אין אַ רציחה. ער האָט נישט געזאָגט קיין וואָרט, נאָר געוואָרפן זיך מיט אַן אַראָפּגעבויגענער קרוין אויף קאַרוסן.

זיין אָנגריף איז נישט מעגלעך געווען בייצושטיין, און קאַרוס איז שוין געלעגן אין גראָז, איידער ער האָט נאָך רעכט געוווּסט, וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען.

בליצשנעל האָט ער זיך אויפגעהויבן, נאָר ווי ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, האָט אים געטראָפן אַ נייער שטויס, און ער האָט זיך אַ וואַקל געטון.

„באַמבי!", האָט ער אויסגערופן, און האָט געוואָלט נאָכ־אַמאָל רופן, „באַמ...", נאָר ער האָט געקריגן אַ דריטן שטויס אין רוקן, אַז ער איז שיער נישט דערשטיקט געוואָרן פון ווייטיק.

קאַרוס איז אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זייט, כדי אויסצומיידן באַמבין, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט צו שטורמעווען. ער האָט פּלוצלינג ד׳ערפילט זיך מוראדיק שוואַך. אָבער גלייכצייטיק האָט ער זיך מיט שוידער געכאַפּט, אַז עס גייט אויף לעבן און טויט. קאַלטער פּחד האָט אים באַהערשט. ער האָט גענומען אַנטלויפן. באַמבי האָט אים נאָכגעיאָגט, און פון זיין האַרטנעקיקן שווייגן האָט קאַרוס פאַרשטאַנען, אַז באַמבי איז אומבאַרעמהאַרציק אין כעס און איז אַנטשלאָסן אים צו טויטן. ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. ער איז אַראָפּגעלאָפן פון וועג, מיט זיינע לעצטע כוחות איז ער אַריין צווישן די קוסטעס, האָט קיין שום זאַך מער נישט געוואָלט, וועגן גאָרנישט נישט געטראַכט, נאָר געגאַרט נאָך רחמים און רעטונג.

פּלוצלינג האָט באַמבי אָפּגעלאָזט קאַרוסן און איז געבליבן שטיין. פון גרויס פּחד האָט דאָס קאַרוס אפילו נישט באַמערקט, און איז געלאָפן ווייטער מיט אַלע כוחות.

אָבער באַמבי איז געבליבן שטיין, ווייל ער האָט דערהערט פאַלינעס פיינעם רוף. ער האָט צוגעהערט זיך. אָט רופט זי ווידער, מיט פּחד און אַנגסט. אין דער רגע האָט ער זיך צוריקגעקערט, און געיאָגט ווי אַ ווינט.

אַז ער איז אַרויס אויף דער לאָנקע, האָט ער דערזען, ווי פאַלינע, פאַרפאָלגט דורך ראָנאָן, אַנטלויפט אין וואַלד.

„ראָנאַ!", האָט באַמבי אַ רוף געטון. ער האָט אפילו נישט געפילט, אַז ער רופט.

ראָנאַ, וואָס האָט נישט געקאָנט שנעל לויפן, מחמת דאָס הינקען האָט אים געשטערט, איז געבליבן שטיין.

„זע נאָר", האָט ער געזאָגט מיט חשיבות, „מיין קליי-נער באַמבי! פאַרלאַנגסטו עפּעס פון מיר?"

„איך פאַרלאַנג", האָט באַמבי געזאָגט רואיק, אָבער מיט אַ שטים, וואָס איז געווען אינגאַנצן פאַרענדערט פון באַהאַל-טענער קראַפט און געצווימטן צאָרן — „איך פאַרלאַנג, אַז דו זאָלסט פאַלינען צורו לאָזן און תיכף אָפּטראָגן זיך פון דאַ-נען".

„ווייטער גאָרנישט?", האָט ראָנאַ געחוזקט. „אָבער סאַראַ חוצפּהדיקער חברה-מאַן דו ביסט געוואָרן... איך האָב זיך דערויף פון דיר גאָרנישט גערי‌כט..."

„ראָנאַ", האָט באַמבי נאָך שטילער געזאָגט. „איך פאַרלאַנג דאָס פון דיין טובה-וועגן. אויב דו וועסט באַלד נישט אָפּ-טראָגן זיך פון דאַנען, וועסטו שפּעטער שטאַרק חשק האָבן צו לויפן מיט דיינע פיס, אָבער דו וועסט שוין נישט קאָנען לויפן..."

„אָהאָ!", האָט ראָנאַ אויסגעשריגן בייז. „רעדסט גאָר מיט אַזאַ לשון מיט מיר? אפשר מחמת איך הינק? אגב, מערקט מען דאָס גאָרנישט. אָדער אפשר מיינסטו, אַז אויב קאַרוס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַזאַ גרויסן פּחדן, וועל איך אויך מורא קריגן פאַר דיר? איך ראָט דיר מיט גוטן..."

„ניין, ראָנאַ", האָט באַמבי אים איבערגעריסן, „איך בין דער, וועלכער גיט די עצה. גיי אַוועק!" זיין שטים האָט גע-ציטערט. „דו ביסט מיר שטענדיק ליב געווען, ראָנאַ. איך האָב זייער שטאַרק געהאַלטן פון דיין קלוגשאַפט, און איך האָב דיך געאַכט, ווייל דו ביסט פיל עלטער פון מיר. איך זאָג דיר איצטער צום לעצטן מאָל, גיי אַוועק... איך פאַרליר שוין דאָס געדולד...!"

„ס'איז שלעכט", האָט ראָנאַ געזאָגט, „אויב דו האָסט

אַזוי וויניק געדולד. זייער שלעכט פאַר דיר, מיין קליינער. נאָר באַרואיק זיך, איך וועל מיט דיר גיך פאַרטיק ווערן. דיר וועט לאַנג נישט אויסקומען צו וואַרטן. מסתמא האָסטו שוין פאַרגעסן, ווי אָפט איך פלעג דיך פאַרטרייבן?"

נאָך אָט דער דערינערונג האָט באַמבי שוין מער נישט געהאַט קיין ווערטער, און ער האָט פאַרלוירן די שליטה איבער זיך. ווי אַ ווילדער, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויף ראָנאָן, און יענער האָט אים באַגעגנט מיט אַ פאָרויסגעבויגענעם קאָפ. מיט אַ ליאַרעם האָבן זיי זיך צונויפגעקנוילט. ראָנאָ איז געשטאַנען פעסט און זיך געוווּנדערט, וואָס באַמבי טרעט נישט אָפ. אויך אים האָט דער פלוצלינגדיקער איבערפאַל איבעראַשט, ווייל ער האָט נישט געריכט זיך, אַז באַמבי וועט דער ערשטער אָנגרייפן. מיט פאַרדרוס האָט ער געמערקט באַמביס אומגעהייערע קראַפט און האָט איינגעזען, אַז ער מוז זיך צוריקציען. ווי זיי זענען אַזוי געשטאַנען צונויפגעדריקט שטערן צו שטערן, האָט ראָנאָ באַשלאָסן אָנצווענדן אַ שפיצל. ער האָט פלוצלינג נאָכגעגעבן, כדי באַמבי זאָל פאַרלירן דאָס גלייכגעוויכט און איבערקערן זיך אויף פאָרנט.

נאָר באַמבי האָט אויפגעהויבן זיך אויף די הינטערשטע פיס, און האָט באַלד ווידער געוואָרפן זיך אויף ראָנאָן, מיט טאָפלטער קראַפט, נאָך איידער יענער האָט באַוויזן צו פאַרנעמען אַ פעסטע פאָזיציע. עס האָט זיך דערהערט אַ הילכיקער קנאַק, איין הערנדל פון ראָנאָס קרוין האָט זיך אָפגעבראָכן. ראָנאָן האָט זיך געדוכט, אַז דער גאַנצער שטערן איז ביי אים צעשמעטערט. פונקען זענען אים געפלויגן פאַר די אויגן, און עס האָט אים גערוישט אין די אויערן. אין אַ רגע אַרום האָט אַ געוואַלטיקער שטויס צעריסן זיין רוקן. עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם, ער איז געלעגן אויף דער ערד, און באַמבי איז איבער אים געשטאַנען מלא רציחה.

„לאָז מיך אָפ", האָט ראָנאָ געקרעכצט.

באַמבי האָט געשלאָגן אויף בלינד, ווו ער האָט נאָר

געטראָפן. זיינע בליקן האָבן געשאָסן מיט פייער. פון רחמנות האָט ער אפילו נישט געקלערט.

„איך בעט דיך... הער דאָך אויף", האָט ראָנאָ וויינענדיק געבעטן, „דו ווייסט דאָך, אַז איך הינק... איך האָב נאָר געמאַכט אַ שפּאַס... לאָז אָפּ... פאַרשטייסט זיך דען נישט אויף קיין שפּאַס...?"

באַמבי האָט אים אָפּגעלאָזט, נישט רעדנדיק קיין וואָרט. ראָנאָ איז מיט גרויס מי אויפגעשטאַנען. ער האָט געבלוטיקט און האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. ער האָט מער קיין וואָרט נישט געזאָגט, און האָט זיך אַוועקגעשלעפּט פון דאַנען.

באַמבי האָט געוואָלט אַריין אין וואַלד, כדי צו זוכן פאַלינען. נאָר זי איז גלייך אַליין אַרויס. זי איז געשטאַנען האַרט ביים וואַלד-ברעג און אַלץ צוגעזען. „דאָס איז געווען גרויסאַרטיק", האָט זי געזאָגט מיט אַ געלעכטער. און ערנסט און שטיל צוגעגעבן: „איך ליב דיך".

זיי זענען אַוועק צוזאַמען און געווען זייער גליקלעך.

איינמאָל האָט זיך זיי פאַרוואָלט אויפצוזוכן טיף דאָרטן אין וואַלד די קליינע לאָנקע, ווו באַמבי האָט דאָס לעצטע מאָל געטראָפן דעם אַלטן. באַמבי האָט מיט גרויס באַגייסטערונג דערציילט פאַלינען וועגן אַלטן.

„אפשר וועלן מיר אים ווידער טרעפן. איך בענק נאָך אים".

„אָי, וואָלט דאָס געווען פיין", האָט פאַלינע דרייסט געזאָגט. „איך וואָלט גערן געוועו כאַפּן מיט אים אַ שמועס". נאָר זי האָט נישט געזאָגט דעם אמת. זי איז טאַקע געווען גוט נייגיריק, אָבער, אין תוך גענומען, האָט זי פאַרן אַלטן מורא געהאַט.

עס האָט שוין געשאַריעט אויף טאָג. דער זונאויפגאַנג איז געווען נאָענט.

זיי זענען שטיל געגאַנגען צוזאַמען, דאָרט ווו די בוימעלעך און קוסטעס זענען געווען שיטערער און ס'איז געווען אַ פרייער אויסקוק אין אַלע זייטן. מיטאַמאָל האָט נישט ווייט פון זיי עפּעס אַ רויש געטון. זיי האָבן תּיכף זיך אָפּגעשטעלט און אַ בליק געטון אין דער זייט, פון וואַנען ס'איז געקומען דער גערויש. פון צווישן די קוסטעס האָט פּאַמעלעך און קרעפּטיק געשפּרייזט דער הירש, צו דער לאָנקע צו. אויפן פאַרבלאָזן פאָן פון בין-השמשות האָט ער אויסגעזען, ווי אַ ריזיקער, גרויער שאָטן.

פאַלינע האָט זיך נישט איינגעהאַלטן און געגעבן אַ געשריי. באַמבי, דאַקעגן, האָט זיך באַהערשט. ער איז אויך געווען דערשראָקן, און דאָס געשריי איז אים שוין געשטאַנען אין גאָרגל, אָבער פאַלינעס געשריי האָט אַזוי הילפלאָז געקלונגען, אז עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ, און ער האָט זיך אָנגעטון אַ כּוח צו שווייגן, און זי צו טרייסטן.

„וואָס איז דיר דען ?", האָט ער געפליסטערט באַזאָרגט. זיין שטים האָט געציטערט. „וואָס איז דיר דען ? ער טוט אונדז דאָך גאָרנישט !"

פּאַלינע האָט אָבער ווייטער געשריגן מיט באַנומענע קולות.

„רעג זיך נישט אַזוי מוראדיק אויף, מיין ליבע", האָט באַמבי זיך געבעטן. „עס איז פּשוט לעכערלעך אַזוי זיך איבערשרעקן פאַר אָט די לייט. און זיי זענען דאָך אונדזערע קרובים".

נאָר פּאַלינע האָט הערן נישט געוואָלט וועגן דער דאָזיקער קרובהשאַפט. זי איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטע, האָט שטאַר געקוקט צום הירש, וועלכער איז זיך רואיק ווייטער געגאַנגען, און זי האָט געשריגן און געשריגן.

„באַהערש זיך דאָך", האָט באַמבי שטאַרק געבעטן. „זאָג אַליין, וואָס וועט ער וועגן דיר טראַכטן?"

פּאַלינע האָט זיך נישט באַרואיקט. „זאָל ער טראַכטן, וואָס ער וויל", האָט זי אויסגערופן און ווידער געשריגן: „אַה-אָה! באַ-אָה!.. מען דאַרף דאָך עס קאָנען, אַזוי אומגעהייער גרויס צו זיין!"

זי האָט ווייטער געליאַרעמט: באַ-אָה!.. און פאַרגעזעצט: „לאָז אָפּ... איך קאָן נישט אַנדערש! איך מוז! באַ-אָה! באַ-אָה! באַ-אָה!"

דער הירש איז שוין געשטאַנען אויף דער קליינער לאָנקע און האָט פאַרזיכטיק געזוכט אין גראָז עפּעס אַ נאַש צו טון.

באַמבי, וואָס האָט געקוקט אָט אויף דער געוואַלדעוודיקער פּאַלינען, אָט אויפן הירש, — איז געוואָרן ביי זיך פעסטער. טרייסטנדיק פּאַלינען, האָט ער גובר געווען אויף זיין אייגענע שרעק. איצטער האָט ער שוין געמאַכט זיך אַליין פאָרווורפן, הלמאי ער פאַלט שטענדיק ביים הירשס אָנבליק אַריין אין אַזאַ נעבעכדיקן צושטאַנד — אַ צושטאַנד, וואָס איז אַ פיינלעך געמיש פון גרויל, אויפרעגונג, באַוווּנדערונג און הכנעה.

„דאָס איז דאָך אַ שטות", האָט ער זיך געמאַכט האַרץ. „איך וועל גלייך צוגיין צו אים און שליסן באַקאַנטשאַפט".

„טו דאָס נישט!", האָט געשריגן פּאַלינע, „טו דאָס נישט! באַ-אָה! עס געשעט אַן אומגליק, באַ-אָה!"

„איך וועל דאָס זיכער טון", האָט באַמבי דערווידערט. דער הירש, וואָס האָט גאַנץ געלאָסן געפּראַוועט זיין סעודה און קיין ברעקל אַכט נישט געלייגט אויף דער יאָמערנדיקער פּאַלינען, האָט זיך אים אויסגעדוכט צו זיין ביי זיך צו גרויס. באַמבי האָט זיך געפילט באַליידיקט און דערנידעריקט. „איך גיי", האָט ער געזאָגט, „זיי נאָר שטיל! וועסט זען, אַז ס׳וועט גאָרנישט נישט געשען. וואַרט אָט דאָ".

ער איז טאַקע געגאַנגען. נאָר פּאַלינע האָט נישט געוואַרט. זי האָט נישט געהאַט דערצו נישט קיין חשק, נישט קיין ברעקל מוט. זי האָט זיך אויסגעדרייט און אַנטלאָפן מיט געשריי; זי האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז בעסטע, וואָס זי קאָן טון. פון אַלץ ווייטער און ווייטער האָט זיך געהערט איר: „באַ-אָה! באַ-אָה— — !"

באַמבי וואָלט איצטער גערן איר נאָכגעפאָלגט. אָבער עס איז שוין געווען פאַרפאַלן. ער האָט זיך געמאַכט האַרץ און געגאַנגען פאָרויס.

דורך די צווייגן האָט ער געזען דעם הירש שטיין אויף דער לאָנקע, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן צו דער ערד.

באַמבי איז אַרויס, און ער האָט געפילט, ווי עס קלאַפּט אים זיין אייגן האַרץ.

דער הירש האָט דערוויל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ בליק געטון. דערנאָך האָט ער אַזוי ווי צעשטרייט געבליקט אַרום.

באַמבין איז אויסגעקומען, אַז דאָס איז דורכויס גאַווה, סיי דער אופן, ווי דער הירש האָט אים אָנגעקוקט, סיי דאָס אַרומקוקן זיך אויף אַלע זייטן, פּונקט ווי קיינער וואָלט נישט געווען קעגנאיבער.

באַמבי האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון. אַרויסגעגאַנגען איז ער מיט דער פעסטער כוונה צו פאַרפירן אַ שמועס מיטן

הירש. „גוט־מאָרגן", האָט ער געוואָלט זאָגן, „איך הייס באַמבי...
צי קאָן איך וויסן אייער חשובן נאָמען?"

נו, יאָ, ער האָט זיך פאַרגעשטעלט די זאַך גאַנץ פשוט, און איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די זאַך איז גאָרנישט פשוט. וואָס העלפט דאָ די בעסטע כוונה? באַמבי האָט נישט געוואָלט זיין אומאיידל, און ער האָט געוווסט, אַז זיין אַרויס־גיין און שווייגן איז אומאיידל; ער האָט, אָבער, אויך נישט געוואָלט זיין צודרינגלעך, און אומגעבעטענערהייט אָנהויבן שמועסן וואָלט געווען אַ צודרינגלעכקייט.

דער הירש איז זיך געשטאַנען מלכותדיק שטאָלץ, און דאָס האָט באַמבין אַרויסגעבראַכט פון זיך, אַזוי אַז ער האָט זיך דערפילט נידערגעשלאָגן. אומזיסט האָט באַמבי זיך אַליין אונטערגעגעבן מוט און כסדר איבערגעחזרט דעם זעלבן גע־דאַנק: „פאַרוואָס זאָל איך זיין ביי זיך געפאַלן?... איך בין פונקט אַזאַ יחסן ווי ער... פונקט אַזוי ווי ער!"

עס האָט נישט געהאָלפן. באַמבי איז געווען ביי זיך גע־פאַלן, און טיף אין זיין גאַנצן ווען האָט ער געשפּירט, אַז ער איז פאָרט נישט אַזוי ווי יענער. ווייט נישט. אים איז בי־טער געווען אויפן האַרצן, און ער האָט געדאַרפט אָנווענדן זיין גאַנצע קראַפט, כדי כאָטש אַביסל צו באַהערשן זיך.

דער הירש האָט אים אָנגעקוקט און אַ טראַכט געטון: „ער איז רייצנדיק... אַ מחיה אַ קוק צו טון... אַזוי שיין... אַזוי חנעוודיק... אַזאַ פיינע האַלטונג... נאָר איך טאָר נישט אַזוי קוקן אויף אים. דאָס פאַסט בנאמנות נישט. דערצו נאָך קאָן דאָס אים אַריינברענגען אין אַ פאַרלעגנהייט".

און ווידעו האָט ער פאַרביי באַמבין געקוקט, אין לעערן רוים אַריין.

„אָט אַ גאַווהדיקער בליק!", האָט באַמבי פעסטגעשטעלט.
„עס איז נישט אַריבערצוטראָגן, וואָס אַזאַ איינער רעדט זיך איין!"

דער הירש, ווידער, האָט געטראַכט: „איך וואָלט גאַנץ גערן געשמועסט מיט אים... ער זעט אויס צו זיין זייער סימ־

פּאַטיש... ווי נאַריש דאָס איז, וואָס מען רעדט נישט איינער מיטן אַנדערן !" און ער האָט פאַרטראַכט זיך אומגעקוקט.

„איך בין גאָרנישט", האָט באַמבי זיך געזאָגט. „אָט די ברואים האַלטן זיך שטענדיק אַזוי, ווי זיי וואָלטן געווען די איינציקע אין דער וועלט !"

„אָבער וואָס זאָל איך אים זאָגן ?..."‚ האָט זיך געשושקעט דער הירש... „איך בין נישט דערפאַרן... איך וועל נאָך זאָגן אַ נאַרישקייט און זיך אויסשטעלן אויף חוזק... ער איז געוויס זייער קלוג".

באַמבי האָט זיך אָנגעטון אַ כּוח און אָנגעקוקט דעם הירש. „ווי פּרעכטיק ער איז!", האָט ער, אַ פאַרצווייפלטער, גע-טראַכט.

„נו... אפשר אַ צווייט מאָל..."‚ האָט זיך אַנטשלאָסן דער הירש, און האָט אומצופרידן, אָבער מאַיעסטעטיש אַוועקגע-שפּרייזט.

אַ פאַרביטערטער האָט באַמבי פאַרלאָזן די לאָנקע.

אַ שטאַרקער דאַמף האָט זיך געהויבן פון וואַלד אונטער דער סמאַלי־ענדיקער זון. זינט די זון איז אויפגעגאַנגען, האָט זי אויסגעטרונקען אַלע וואָלקנס פונם הימל, ביזן לעצטן, און איצטער האָט זי איינע אַליין געהערשט אין הימל־בלוי, וואָס איז פון היץ פאַרבלאַסט געוואָרן. איבער דער לאָנקע און די בוימער־שפּיצן האָט די לופט וויברירט, זיך געגאָסן אין גלאָז־דורכזיכטיקע כוואַליעס, ווי איבער אַ פלאַם. קיין בלעטעלע האָט זיך נישט באַוועגט, קיין גרעזעלע האָט נישט גערירט זיך. די פייגל זענען אַנטשטומט געוואָרן, האָבן זיך פאַרשטעקט אין די בלעטער־שאָטנס און נישט גערירט זיך פון אָרט. אַלע סטעזשקעלעך און שליאַכן אין דער וואַלד־געדיכטעניש זענען געווען פּוסט, ווייל קיין איין בעל־חי איז איצטער נישט געווען אונטערוועגס. דער וואַלד איז געשטאַנען אונטער דעם בלענדנדיקן ליכט, אָן באַוועגונג, ווי געליימט. די ערד, די בוימער, די קוסטעס און חיות, — אַלץ האָט געצאָטעמט מיט די דומפּיקע ריחות פון דער צעגליטער אַט־מאָספערע.

באַמבי איז געשלאָפן.

די גאַנצע נאַכט איז ער גליקלעך געווען מיט פאַלינען, האָט זיך מיט איר אַרומגעיאָגט ביז אין העלן טאָג אַריין, און פון גרויס נחת האָט ער אפילו נישט געדענקט פון עסן. דערנאָך איז ער, אָבער, אַזוי מיד געוואָרן, אַז ער האָט קיין הונגער שוין מער נישט געשפּירט. די אויגן האָבן זיך אים געקלעפּט. צווישן די קוסטעס, ווו ער איז גראָד געגאַנגען און געשטאַנען, האָט ער זיך אַוועקגעלייגט און איז גלייך איינגעשלאָפן. דער ביטערער און שאַרפער דופט, וואָס עס האָט אויסגעאָטעמט דער צעפלאַמטער פון דער זון לערכנ־בוים, ווי אויך דער פיינער ריח פון יונגן זיידלבאַסט האָבן אים בעתן שלאָף באַרוישט דעם קאָפּ און אָפּגעפרישט די כוחות.

פּלוצלינג האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און איז געווען צעמישט.

פּאַלינע האָט, דוכט זיך, גערופן!

באַמבי האָט זיך אַרומגעקוקט. אין זיין דערינערונג האָט ער נאָך געזען, ווי פּאַלינע שטייט דאָ לעבן אים ביי אַ ווייס־דאָרן־קוסט און צופּט בלעטלעך. דאָס איז געווען בשעת ער האָט זיך געלייגט. ער האָט געקלערט, אַז זי וועט לעבן אים בלייבן. אָבער איצטער איז זי נישטאָ, דאָס אַליין־זיין איז איר, משמעות, דערעסן, און זי רופט אים, — זי וויל, ער זאָל זי זוכן.

באַמבי האָט זיך איינגעהערט, און בעת מעשה נאָכגע־קלערט, ווי לאַנג האָט ער געקאָנט שלאָפן, און וויפל מאָל האָט פּאַלינע שוין געקאָנט רופן. ער האָט זיך דאָס נישט געקאָנט קלאָר־מאַכן. זיינע געדאַנקען זענען נאָך געווען פאַר־צויגן מיט אַ שלייער פון שלאָף.

נאָר אָט — ווידער אַ רוף. באַמבי האָט זיך תיכף אַ קער געטון אין דער זייט, פון וואַנען עס איז געקומען דער קלאַנג. איצטער ווידער! און מיטאַמאָל איז באַמבי געוואָרן פול־שטענדיק מונטער. ער האָט זיך דערפילט זעלטן ווי דער־פרישט, אויסגערוט און געשטאַרקט, און האָט דערשפּירט אַ שטאַרקן הונגער.

ווידער האָט אָפּגעקלונגען העל און פיין, ווי דאָס שטי־לע פויגל־צווישערן, אַ צאַרטער און פאַרבענקטער: „קום... קום...“

יאָ, דאָס איז געווען איר שטים! דאָס איז געווען פּאַ־לינע. באַמבי האָט זיך אַזוי האַסטיק אַוועקגעלאָזט, אַז די פאַרטריקנטע קוסטעס־צווייגן האָבן אָן אויפהער געקנאַקט, און די הייסע גרינע בלעטער — אָן אויפהער גערוישט.

אָבער פּלוצים, אין מיטן שפּרינגען, האָט ער געמוזט זיך פאַרהאַלטן און וואַרפן זיך אין אַ זייט. דער אַלטער איז געשטאַנען און האָט אים פאַרצוימט דעם וועג.

אין באַמבין האָט אָבער געוועלטיקט נאָר די ליבע. דער אַלטער איז אים איצטער געווען גלייכגילטיק. ער וועט גאַנץ גערן זיך נאָך טרעפן מיט אים ווען עס איז. איצט, אָבער,

האָט ער נישט קיין צייט פאַר אַלטע הערן, ווי בכּבֿודיק זיי זאָלן נישט זיין. איצטער ליגט אים נאָר פאַלינע אין קאָפּ.

ליופּנדיק, האָט ער געגריסט זיך, און שנעל געיאָגט ווייטער.

„וווהין?", האָט דער אַלטער געפרעגט ערנסט.

באַמבי האָט זיך אַביסל פאַרשעמט, געוואָלט געפינען אַן אויסרייד, נאָר ער האָט זיך באַקלערט און געענטפערט ערלעך: „צו איר".

„גיי נישט", האָט געזאָגט דער אַלטער.

אויף אַ רגע האָט אַ צאָרן-פונק אַ ברען געטון באַמ-בין. נישט גיין צו פאַלינען? ווי קאָן דער שלעכטער אַל-טער גאָר פאַרלאַנגען דאָס! — האָט ער זיך געטראַכט. „איך וועל פּשוט אַוועקלויפן". און ער האָט דעם אַלטן שנעל אָנגעקוקט. נאָר ער האָט זיך באַגעגנט מיטן טיפן בליק פון דעם אַלטנס טונקעלע אויגן, און איז געבליבן צוגעשמידט צום אָרט. ער האָט געציטערט פאַר אומגעדולד, און איז פונדעסטוועגן נישט געלאָפן.

„זי רופט מיך...", האָט ער זיך פאַרענטפערט. ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַ טאָן, אַז מען האָט אין אים דייטלעך געקאָנט הערן געבעט: פאַרהאַלט מיך נישט!

„ניין", האָט דער אַלטער געזאָגט, „זי רופט נישט".

נאָך אַמאָל האָט אָפּגעקלונגען דאָס פיינע צוויטשערן: „קום..."

„איצט ווידער!", האָט באַמבי, אַן אויפגערעגטער, אויס-געשריגן. „הערט זיך איין!"

„איך הער", האָט דער אַלטער אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

„אויב אַזוי, אויף ווידערזען..." האָט באַמבי האַסטיק אַ וואָרף געטון. דער אַלטער האָט פונדעסטוועגן באַפוילן: „בלייב!"

„וואָס פאַרלאַנגט איר דען?", האָט באַמבי אויסגעשריגן אויסער זיך. „לאָזט מיך אָפּ! איך האָב קיין צייט נישט! איך בעט אייך... אַז פאַלינע רופט מיך... איר מוזט דאָך דאָס איינזען..."

„איך זאָג דיר, — דאָס איז נישט זי", האָט דער אַל־טער געזאָגט.

באַמבי איז געווען פאַרצווייפלט: „נאָר... איך דערקען דאָך איר שטים..."

„הער מיך אויס", האָט דער אַלטער פאַרגעזעצט.

ווידער האָט מען גערופן.

באַמבין האָט דער באָדן געבערענט אונטער די פיס:
„שפעטער! איך קום תיכּף צוריק", האָט ער געבעטן זיך.

„ניין", האָט דער אַלטער געזאָגט טרויעריק, „דו וועסט נישט קומען צוריק. שוין קיינמאָל נישט."

ווידער האָט מען גערופן. „איך מוז! איך מוז!..."
באַמבי האָט שוין קיין שליטה נישט געהאַט איבער זיך.

„אויב אַזוי", האָט דער אַלטער דערקלערט באַפעלעריש, „וועלן מיר גיין צוזאַמען".

„נאָר שנעל!", האָט באַמבי אויסגעשריגן, און איז אַרויס־געשפרונגען פאָרויס.

„ניין... לאַנגזאַם!", האָט דער אַלטער באַפוילן מיט אַ שטים, וואָס האָט באַמבין געצוווּנגען צו זיין געהאָרכזאַם. „דו וועסט בלייבן הינטער מיר... שריט ביי שריט"...

דער אַלטער האָט גענומען גיין. באַמבי איז אים נאָכ־געגאַנגען אומגעדולדיק און זיפצנדיק.

„הער", האָט דער אַלטער געזאָגט, נישט אָפּשטעלנדיק זיך. „וויפל דו זאָלסט נישט הערן רופן, טאָרסטו נישט אָפּ־טרעטן פון מיר. אויב דאָס איז פאַלינע, וועלן מיר נאָך גאַנץ באַצייטנס זיין לעבן איר. נאָר דאָס איז נישט פאַלינע. דו מוסט זיך באַהערשן. אַלץ ווענדט זיך איצטער אָן דעם, צי וועסט צו מיר האָבן דעם נויטיקן צוטרוי".

באַמבי האָט נישט געוואַגט צו דערווידערן און האָט שטום זיך אונטערגעגעבן.

דער אַלטער איז לאַנגזאַם געגאַנגען פאָרויס, און באַמבי האָט נאָכגעפאָלגט. אָ, ווי דער אַלטער האָט זיך דאָס פאַר־שטאַנען אויף גיין! קיין מינדסטער שאָרך נישט פון זיינע

פריט, קיין מינדסטער ציטער פון אַ בלעטעלע, קיין גערויש פון אַ צווייגעלע. דערביי האָט דער אַלטער זיך געגליטשט דורך געדיכטע קוסטעס, געשלייכט זיך דורך געפלעכטן פון אוראַל־טע שטריכן. באַמבי האָט געמוזט שטוינען; נישט געקוקט אויף זיין פיבערהאַפטן אומגעדולד, האָט ער דעם אַלטן גע־מוזט באַוואונדערן. ער האָט קיין אָנונג נישט געהאַט, אַז מען קאָן אַזוי גיין.

נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל האָט אָפּגעקלונגען דער רוף.

דער אַלטער איז שטיין געבליבן, האָט זיך איינגעהערט און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

באַמבי איז געשטאַנען, געפּייניקט פון בענקשאַפט, גע־פּלאָגט פונם צוואַנג, און האָט גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען.

עטלעכע מאָל איז דער אַלטער שטיין געבליבן, ווען עס האָבן זיך קיין רופן נישט געהערט; ער פלעגט אויפהויבן דעם קאָפּ, אָנגעשפּיצט האָרכן, און אַ שאָקל טון. באַמבי האָט קיין שום זאַך נישט געהערט. דער אַלטער האָט אָפּגעווענדעט זיך פון דער ריכטונג, פון וואַנען מען האָט גערופן, און גע־נומען מאַכן אַ בויגן. באַמבין האָט דאָס שרעקלעך געררייצט.

מען האָט גערופן און גערופן.

ענדלעך זענען זיי געקומען נענטער, נאָך נענטער, גאָר נאָענט.

דער אַלטער האָט געענטפערט: „וואָס דו זאָלסט איצ־טער נישט זען, ריר זיך נישט... דו הערסט? גיב אַכטונג אויף אַלץ, וואָס איך טו, און האַלט זיך געניוי אַזוי ווי איך... פאָרזיכטיק! און נאָר פאַרליר זיך נישט...!"

נאָך אַ פּאָר טריט... דאָ האָט פּלוצלינג אַ שלאָג געטון יענער שאַרפער, אויפרעגנדיקער ריח, וואָס באַמבי האָט שוין אַזוי גוט געקענט; דער ריח האָט פול געמאַכט די נאָז; באַמ־בי האָט אים אַזוי פיל אַריינגעשלונגען, אַז ער האָט שיער נישט אָנגעהויבן שרייען. ער איז געבליבן שטיין ווי צוגעשמידט. דאָס האַרץ האָט אים אַ טיאַכקע געטון, ווי עס וואָלט געוואָלט אַרויסשפּרינגען דורכן האַלדז.

דער אַלטער איז געלאָסן געשטאַנען לעבן אים. זיינע אויגן האָבן באַמבין אָנגעוויזן די ריכטונג: דאָרטן!

נאָר דאָרטן איז געשטאַנען ע ר!

גאַנץ נאָענט איז ע ר דאָרטן געשטאַנען, אָנגעשפּאַרט אין שטאַם פון אַ דעמב, באַהאַלטן צווישן נוס-בוימלעך, און שטיל גערופן: „קום... קום..."

מען האָט געזען נאָר זיין פּלייצע, דאָס געזיכט זיינס האָט זיך געוויזן אומקלאָר, בעת ער פלעגט אַ קער טון דעם קאָפּ אַביסל אין דער זייט.

באַמבי איז געווען אַזוי צעמישט, אַזוי דערשיטערט, אַז נישט באַלד האָט ער דאָס באַנומען: ע ר איז דאָס דאָרטן געשטאַנען, און ע ר האָט דאָס פּאַלינעס שטים נאָכגעמאַכט. ע ר איז דאָס געווען, וואָס האָט גערופן: „קום... קום..."

שרעק און גרויל זענען דורכגעלאָפן דורך באַמביס אַלע גלידער. אַ געדאַנק וועגן לויפן האָט דורכגעצוקט זיין האַרץ, און האָט אים גערעגט און גערייצט.

„שטיל זיין!", האָט שנעל און באַפעלעריש אַרויסגע-פּליסטערט דער אַלטער, אַפּנים כּדי נישט דערלאָזן צו אַן אויסברוך פון שרעק. באַמבי האָט מיט אַלע כּוחות זיך איינ-געהאַלטן.

דער אַלטער האָט אים אָנגעקוקט, לכתחילה אַביסל שפּאָ-טיש, ווי באַמבין האָט זיך — נישט געקוקט אויף זיין צו-שטאַנד — געדוכט, — באַלד אָבער ווידער פול מיט ערנסט און גוטסקייט.

באַמבי האָט מיט פינטלענדיקע אויגן געקוקט אַהינצו, וווּ ע ר איז געשטאַנען, און האָט געפילט, אַז ער קאָן שוין ווייטער נישט אַריבערטראָגן די דאָזיקע מוראדיקע נאָענטקייט.

דער אַלטער, פּונקט ווי ער וואָלט געהערט באַמביס געדאַנקען, האָט אים איינגערוימט: „לאָמיר גיין..." און איז אַוועק.

פאָרזיכטיק האָבן זיי זיך אַרויסגעשלייכט פון דאָרטן. דער אַלטער האָט געפירט מיט וווּנדערלעך געזרייטע וועגן, וואָס זייער צוועק האָט באַמבי נישט פאַרשטאַנען. אויך איצ-

טער האָט ער מיט קוים באַהערשטן אומגעדולד מיטגעמאַכט דעם אַלטנס פּאַמעלעכדיקן גאַנג. אויב אויפן וועג אַהערצו האָט אים די בענקשאַפט נאָך פּאַלינען געטריבן פאָרויס, האָט איצטער געפיבערט אין זיינע אָדערן דער באַגער וואָס גיכער צו אַנטלויפן.

אָבער דער אַלטער איז געגאַנגען לאַנגזאַם, פלעגט זיך אָפּשטעלן, איינהאָרכן זיך, אַריינפּלאָנטערן אַ נייעם זיגזאַג-וועג, ווידער שטיין בלייבן און ווידער גיין לאַנגזאַם, זייער לאַנג-זאַם.

איצטער האָבן זיי געמוזט זיין שוין זייער ווייט פונם שרעקנס-אָרט.

„אַז ער וועט בלייבן שטיין, וועט אויסקומען צו רעדן, און דאַן וועל איך אים דאַנקען". ער האָט געזען, ווי דער אַלטער פאַרשווינדט האַרט פאַר אים אין געדיכטן געוועב פון הויכע האַרטריגל-קוסטעס. קיין בלאַט האָט נישט קיין ציטער געטון, קיין ריטל האָט נישט קיין קנאַק געטון, בעת דער אַלטער האָט זיך אַהין אַריינגעגליטשט.

באַמבי איז נאָכגעגאַנגען און האָט זיך געמיט אויך פונקט אַזוי שטיל אַדורכגיין, אויך פונקט אַזוי קינסטלעריש אויסמיידן יעדן גערויש. נאָר ער האָט קיין מזל נישט געהאַט. די בלעטער האָבן שטיל אַ רויש געטון, די צווייגן האָבן זיך איינגעבויגן פון דער באַרירונג פון זיין קערפּער און דערנאָך זיך הילכיק ווידער אויסגעגלייכט, טרוקענע צווייגן האָבן זיך צעבראָכן אָן זיין ברוסט מיט אַ קורצן קראַכנדיקן קנאַל.

„ער האָט מיר דאָס לעבן געראַטעוועט", האָט באַמבי געטראַכט, „וואָס וועל איך אים זאָגן?"

נאָר דער אַלטער איז שוין נישט געווען. באַמבי איז אַרויס פון די קוסטעס, און האָט געהאַט פאַר זיך אַ ווילדער-ניש מיט געל-בליענדיקע גאָלדריטלעך. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אומגעקוקט זיך. קיין גרעזל האָט נישט גע-ציטערט, ווי ווייט נאָר ער האָט געקאָנט זען. ער איז געווען אַליין.

באַפרייט פון יעדן צוואַנג, האָט ער זיך איצטער אונ־
טערגעגעבן דעם פיבערהאַפטן באַגער צו לויפן.

אונטער זיינע הויכע שפּרונגען האָבן זיך די גאָלדריט־
לעך ברייט פונאַנדערגערוקט, מיט געזשומעריי, ווי אונטער אַ
קאָסע.

נאָך לאַנגע בלאָנדזשעענישן האָט ער געטראָפן פּאַלינען.
ער האָט דעם אָטעם נישט געקאָנט כאַפּן, ער איז געווען
פאַרמאַטערט, און ער איז געווען גליקלעך און טיף גערירט.

„איך בעט דיך, געליבטע", האָט ער געזאָגט, „איך בעט
דיך... רוף מיך נישט, בעת מיר זענען צעשיידט... רוף מיך
מער קיינמאָל נישט...! מיר וועלן זוכן איינער דעם אַנדערן,
ביז מיר וועלן זיך געפינען... נאָר איך בעט דיך, רוף מיך
נישט... ווייל איך קאָן דיין שטים נישט ביישטיין".

א פאָר טאָג שפּעטער זענען זיי זאָרגלאָז געגאַנגען צווזאַ-
מען צווישן די געדיכטע דעמבעס פון יענער זייט לאַנקע.
זיי האָבן געוואָלט דורכשניידן די לאָנקע און דאָרטן, לעבן
דעם הויכן דעמב, אַרויסגיין אויף זייער אַמאָליקן שטעג.

בעת די קוסטעס פאַר זיי זענען העלער געוואָרן, האָבן
זיי זיך אָפּגעשטעלט און אַרויסגעקוקט. אויף דער לאָנקע האָט
זיך באַוועגט עפּעס רויטס. זיי האָבן עס ביידע גלייך באַמערקט.

„ווער קאָן דאָס זיין...?", האָט באַמבי געפּליסטערט.

„מסתמא ראָנאָ אָדער קאַרוס", האָט געמיינט פאַלינע.

באַמבי האָט געצווייפלט: „זיי ביידע וואַגן דאָך שוין
נישט מער צו ווייזן זיך נאָענט פון מיר". באַמבי האָט אַ קוק
געטון שאַרפער: „ניין", האָט ער באַשלאָסן, „דאָס איז נישט
ראָנאָ, נישט קאַרוס. דאָס איז אַ פרעמדער..."

פאַלינע האָט דערשטוינט און זייער בייגיריק צוגעשטימט:
„טאַקע אַזוי... אַ פרעמדער. איצטער זע איך דאָס אויך...
מאָדנע!"

זיי האָבן זיך צוגעקוקט.

„ווי אומזשענירט ער האַלט זיך!", האָט אויסגערופן
פאַלינע.

„נאַריש", האָט געזאָגט באַמבי, „באמת נאַריש! ער
פירט זיך אויף, ווי אַ קליין קינד... פונקט ווי קיין געפאַר
וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געווען!"

„לאָמיר גיין אַהינצו", האָט פאַלינע פאָרגעשלאָגן. זי
איז געווען שטאַרק בייגיריק.

„גוט", האָט צוגעשטימט באַמבי, „מיר'ן גיין... דעם חברה-
מאַן מוז איך פון נענטער אָנקוקן..."

זיי האָבן געמאַכט אַ פּאָר שריט, און פאַלינע איז ווי-
דער שטיין געבליבן: „אָבער... אויב ער וועט אָנהויבן מיט
דיר אַ געשלעג... ער איז שטאַרק..."

„באַה!" באַמבי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַביסל אין אַ
זייט און געמאַכט אַ גרינגשעצנדיקע מינע. „גיב נאָר אַ קוק,
ווי קליין עס איז זיין קרוין... איך זאָל זיך גאָר שרעקן...?

דער יונג איז דיק און פעט... אָבער שטאַרק? דאָס גלויב איך נישט. קום נאָר..."

זיי זענען געגאַנגען.

יענער, קעגנאיבער, איז דערווייל געווען פאַרנומען מיט נאַשן גראָזבעזימלעך, און ער האָט זיי ערשט באַמערקט, ווען זיי זענען שוין אַרויס גאַנץ ווייט אויף דער לאָנקע. ער איז זיי תיכף אַנטקעגנגעלאָפן. שפּילעריש און פריידיק איז ער געשפּרונגען, און האָט ווידעראַמאָל געמאַכט אַ קינדישן איינדרוק. באַמבי און פאַלינע זענען איבעראַשטע שטיין געבליבן און געוואַרט אויף אים. ער איז צוגעלאָפן און אָפּגעשטעלט זיך אַ פּאָר טריט פון זיי. ער איז געבליבן שטיין שטיל.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געפרעגט: „איר קענט מיך נישט?"

באַמבי האָט אין קאַמפּסגרייטקייט איינגעבויגן דעם קאָפּ: „און דו קענסט... אונדז?", האָט ער אָפּגעענטפערט.

יענער איז אים אַריינגעפאַלן אין די רייד. „אָבער באַמבי!", האָט ער אויסגערופן מיט פאָרוואורף און צוטרוי.

באַמבי איז געוואָרן פאַרחידושט, אַז ער האָט געהערט אָנרופן זיין נאָמען. ביים קלאַנג פון דער שטים האָט זיין האַרץ אויפגעצאַפּלט פון אַ דערינערונג, און דערווייל איז שוין פאַלינע אַנטקעגנגעשפּרונגען דעם פרעמדן.

„גאָבאָ!", האָט זי אויסגערופן און מער רעדן נישט געקאָנט. זי איז געשטאַנען אָן לשון און אָן באַוועגונג. עס האָט איר אָטעם פאַרפעלט.

„פאַלינע...", האָט גאָבאָ שטיל געזאָגט. „פאַלינע... שוועסטער... דו האָסט מיך פאָרט דערקענט..." ער איז געקומען צו זיך און געקושט זי אין מויל. טרערן האָבן זיך אים געגאָסן איבער די באַקן.

אויך פאַלינע האָט געוויינט און נישט געקאָנט רעדן.

„יאָ... גאָבאָ...", האָט אָנגעהויבן באַמבי. זיין שטים האָט געציטערט, און ער איז געווען זייער אויפגערעגט; ער איז

געוועזן טיף גערירט און אויסערגעוויינלעך איבערראַשט. „יאָ... גאָבאָ... ביסטו נישט טויט..?"

גאָבאָ האָט זיך צעלאַכט. „דו זעסט דאָך... איך מיין, ס'איז אויף מיר גאַנץ קענטיק, אַז איך בין נישט טויט".

„אָבער... דעמאָלט... אין שניי..?", האָט באַמבי ווייטער זיך געחידושט.

„דעמאָלט?", האָט גאָבאָ געזאָגט פייערלעך, „דעמאָלט האָט ע ר מיך געראַטעוועט..."

„און ווו ביסטו געוועזן אַזאַ לאַנגע צייט..?", האָט פאַלינע פאַרביַיפט געפרעגט.

גאָבאָ האָט געענטפערט: „ביי א י ם... די גאַנצע צייט ביי א י ם..."

ער האָט שווייגנדיק אָנגעקוקט באַמבין מיט פאַלינען, און אים האָט הנאה געטון זייער אומבאַהאָלפענע איבערראַשט-קייט. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן: „יאָ, מיינע ליבע... איך האָב פיל דורכגעלעבט... מער ווי איר אַלע צוזאַמען אין אייער וואַלד..." דאָס האָט געקלונגען אַביסל באַרימעריש, נאָר זיי האָבן עס נישט באַמערקט, זיי זענען נאָך צופיל געוועזן פאַר-נומען מיט דער גאַנצער וווּנדערלעכער געשיכטע.

„טאָ דערצייל!", האָט פאַלינע אומגעדולדיק געפאָדערט.

„אָ", האָט גאָבאָ, אַ צופרידענער, געזאָגט. „איך האָב צו דערציילן אויף גאַנצענע טעג, און עס וועט אַלץ נישט נעמען קיין סוף".

באַמבי איז צוגעשטאַנען: „טאָ דערצייל טאַקע!"

גאָבאָ האָט געווענדעט זיך צו פאַלינען און איז געוואָרן ערנסט: „לעבט נאָך די מוטער?", האָט ער געפרעגט שטיל און ציטעריק.

„יאָ!", האָט פאַלינע מונטער אויסגערופן. „זי לעבט... נאָר איך האָב שוין אַ צייט זי נישט געזען".

„איך וויל תיכף צו איר!", האָט גאָבאָ אַנטשלאָסן דער-קלערט. „איר וועט מיטגיין?"

זיי זענען געגאַנגען.

דעם גאַנצן וועג האָבן זיי קיין וואָרט נישט גערעדט. באַמבי און פאַלינע האָבן געפילט גאָבאָס אומגעדולדיקע בענקשאַפט צו דער מוטער, דעריבער האָבן זייביידע געשוויגן. גאָבאָ איז איילעק געגאַנגען פאָרויס, אינגאַנצן שטום. זיי האָבן אים געלאָזן צורו.

נאָר אָפטמאָל, ווען ער פלעגט בלינד פאַרביילויפן אַ קרייץ פון וועגן, אָדער ווען ער פלעגט פון אימפעט אַוועקלאָזן זיך אין אַ פאַלשער ריכטונג, האָט זיי צו אים שטיל גערופן. „דאָ!", פלעגט דאַן באַמבי אַ שעפטשע טון. אָדער פאַלינע פלעגט זאָגן: „ניין... איצטער דאָרטן אַרום..."

אַ פּאָר מאָל האָבן זיי געמוזט אַדורכגיין ברייטע לאָנקעס. זיי איז אויסגעקומען ווונדערלעך, וואָס גאָבאָ האָט קיין איין מאָל זיך נישט אָפּגעשטעלט ביים ראַנד וואַלד, קיין איין מאָל נישט, אַפילו אויף אַ רגע נישט, און נישט אומגעקוקט זיך פאָרשנדיק, איידער ער איז אַרויס אויפן פרייען שטח, נאָר ער פלעגט פשוט אַרויסלויפן אָן שום פאָרזיכטיקייט. באַמבי און פאַלינע האָבן יעדעס מאָל, ווען דאָס פלעגט פאָרקומען, דערשטוינט זיך איבערגעקוקט. נאָר זיי האָבן נישט גערעדט קיין וואָרט, און עטוואָס פאַמעלעכער אים נאָכגעגאַנגען.

לאַנג האָבן זיי געמוזט זיך פלאָנטערן און זוכן, קרייץ און קווער.

מיטאַמאָל האָט גאָבאָ דערקענט דעם וועג פון זיין קינדהייט. ער איז געווען גערירט. אים איז נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס האָבן אים באַמבי און פאַלינע אַהערגעבראַכט. ער האָט זיי אַ צופרידענער אָנגעקוקט און אויסגערופן: „וואָס זאָגט איר, ווי גוט איך האָב געטראָפן אַהער?"

זיי האָבן גאָרנישט נישט געזאָגט. זיי האָבן זיך נאָר ווידער איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט.

באַלד דערנאָך זענען זיי געקומען צו אַ קליינער בלעטער-קאַמער. „דאָ!", האָט פאַלינע אויסגערופן און אַריינגעשפרונגען. גאָבאָ — נאָך איר. זיי זענען שטיין געבליבן. דאָס איז געווען די קאַמער, וואָס אין איר זענען זיי ביידע אויף

דער וועלט געקומען, און ווי זיי האָבן, אַלס קליינע קינדער, מיט דער מוטער געוווינט. גאָבאָ און פּאַלינע האָבן זיך נאָענט אַריינגעקוקט אין די אויגן. זיי האָבן נישט גערעדט קיין וואָרט. פּאַלינע האָט לייכט אַ קוש געטון דעם ברודער אין מויל. דערנאָך האָבן זיי געאיילט ווייטער.

זיי זענען געגאַנגען כמעט נאָך אַ שעה. די זון האָט אַלץ העלער און העלער געשיינט דורך די צווייגן, און אין וואַלד איז געוואָרן אַלץ שטילער און שטילער. עס איז צייט געווען אָוועקצולייגן זיך רוען. נאָר גאָבאָ האָט זיך נישט געפילט פאַרמאַטערט. ער איז האַסטיק געגאַנגען פאָרויס, האָט שווער געאָטעמט פון אומגעדולדיקער אויפרעגונג, און אָן וואָסערע ס'נישט איז כוונות אַרומגעקוקט זיך. ער פלעגט אויפציטערן, בעת אַ חיזל האָט זיך אדורכגעטראָגן צווישן די קוסטעס. ער פלעגט כמעט ווי אָנטרעטן אויף די פאַזאַנען, וואָס זענען געווען האַרט צוגעטוליעט צו דער ערד, און בעת זיי פלעגן זיך אויפהויבן מיט אַ געבייזער און הילכיקער פליגל-פּאַטשעריי, פלעגט ער זיך שטאַרק דערשרעקן. באַמבי האָט זיך געחידושט, ווי פרעמד און בלינד גאָבאָ האָט דאָס געשבריזט.

גאָבאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט און געווענדעט זיך צו זיי ביידן: „נישט צו געפינען זי", האָט ער אַ פאַרצווייפלטער אַ זאָג געטון.

פּאַלינע האָט אים באַרואיקט. „שוין באַלד", האָט זי גערירט געזאָגט, „באַלד, גאָבאָ". זי האָט אים אָנגעקוקט. ער האָט ווידער געהאַט דאָס מוטלאָזע געזיכט, וואָס זי האָט אַזוי גוט געקענט.

„זאָלן מיר שרייען?", האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל. „זאָלן מיר ווידער שרייען... ווי אַמאָלטן, בעת מיר זענען קינדער געווען?"

נאָר באַמבי איז געגאַנגען ווייטער. אַ פּאָר טריט נאָר, און ער האָט דערזען מומע ענאַן. זי האָט זיך שוין איינגעאָרדנט צו רוען, און איז גאַנץ שטיל געלעגן דאָ נאָענט אין שאָטן פון אַ נוס-קוסט.

„ענדלעך!", האָט באַמבי אַ זאָג געטון צו זיך אַליין.
און אין זעלבן מאָמענט זענען אונטערגעקומען גאָבאָ און פאַ־
לינע. זיי זענען געשטאַנען אַלע דריי לעבן דעם אַנדערן און
געקוקט צו דער מומע ענאַן. זי האָט רואיק אויפגעהויבן דעם
קאָפּ, און שלעפעריק צוריקגעבליקט.

גאָבאָ האָט געמאַכט אַ פּאָר וואַקלדיקע טריט און שטיל
אַ רוף געטון: מאַמע...!"

ווי דורך אַ דונערשלאָג געטראָפן, האָט זי זיך אַ הויב־
אויף געטון, און שטייף געבליבן שטיין אויף די פיס. גאָבאָ
איז ראַש צו איר צוגעשפּרונגען. „מאַמע...", האָט ער פונדאָסניי
אָנגעהויבן, געוואָלט רעדן, און נישט געקאָנט אַרויסברענגען
קיין וואָרט.

די מוטער האָט אים נאָענט אַריינגעקוקט אין די אויגן.
איר געפּלעפּטקייט האָט אָנגעהויבן זיך אויפקלערן; זי האָט
אַזוי געציטערט, אַז עס זענען איר כוואַליעס געלאָפן איבער
די אַקסלען און דעם רוקן.

זי האָט גאָרנישט נישט געפרעגט, נישט פאַרלאַנגט קיין
שום דערקלערונג, נישט געוואָרט אויף קיין שום דערציילונג.
לאַנגזאַם האָט זי געקושט גאָבאָן אין מויל, אין די באַקן, אין
האַלדז; אומאויפהערלעך האָט זי אים געוואַשן מיט אירע קושן,
ווי אַמאָל, אין דער שעה פון זיין געבוירן.

באַמבי און פאַלינע זענען אַוועק.

זיי זענען צוזאַמען געשטאַנען אויף אַ קליינער לאָנקע אין מיטן וואַלד, און גאָבאָ האָט דערציילט.

אויך פריינד האָז איז דאָ געזעסן. ער האָט געשפּאַנט זיך איינגעהערט און אַ דערשטוינטער געהויבן די אויערן־מושלען, יעדע ווײַלע זיי ראַפּטום אַראָפּגעלאָזן, און באַלד ווידער זיי אויפגעהויבן.

די סאָראָקע האָט זיך איינגעהאָרבעט אויף אַ נידעריקן בוקן־צווייג און פאַרבליפט געהאָרכט. דער אייכלאָב איז אומרואיק געזעסן קעגנאיבער אויף אַן עשנבוים און פון צייט צו צייט פלעגט ער פון דערשטוינונג אַרויסקריפּען אַן אויסגעשריי.

עס זענען געקומען עטלעכע באַקאַנטע פאַזאַנען מיט זייערע פרויען און קינדער; איינהאָרכנדיק זיך, פלעגן זיי פאַרוואונדערט אויסשטרעקן די העלדזער, זיי צוריק איינציען, באַוועגן דעם קאָפּ אַהער און אַהין, און האָבן נישט געהאַט קיין ווערטער.

די וועווערקע איז אַרומגעשפּרונגען, און זייער אַן אויפגערעגטע געמאַכט פאַרשידענע תּנועות. אָט פלעגט זי זיך אַראָפּגלײַטשן צום באָדן, אָט פלעגט זי אַרויפקלעטערן אויף דעם אָדער יענעם בוים, אָדער זי האָט זיך גאָר אָנגעלענט אָן איר ברייט־צעוואַקסענעם ווײַדל און געוויזן איר ווײַסע ברוסט. זי האָט כּסדר געוואָלט אַרײַנפאַלן גאָבאָן אין די רייד און עפּעס זאָגן, נאָר יעדעס מאָל פלעגן אַלע שטרענג זי אויפפאָדערן צו זײַן שטיל.

גאָבאָ האָט דערציילט, ווי ער איז הילפלאָז געלעגן אין שניי און געוואַרט אויף דעם טויט.

„די הינט האָבן מיך געפונען", האָט ער דערציילט. „די הינט זענען שרעקלעך. בכלל זענען זיי דאָס שרעקלעכסטע, וואָס ס'איז נאָר דאָ אויף דער וועלט. זייער פּיסק איז פול מיט בלוט, זייער שטים איז פול מיט צאָרן און אכזריות". ער האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן און פאַרגעזעצט:
„... אמת... שפּעטער האָב איך זיך מיט זיי געשפּילט, ווי מיט

מיינס גלייכן..." ער איז געווען זייער שטאָלץ. "... איך האָב שוין נישט געהאַט פאַר זיי וואָס מורא צו האָבן, ווייל איך בין מיט זיי געוואָרן פריינד. פונדעסטוועגן, אַז זיי הויבן אָן צו ווערן בייז, ברויזט מיר אין מוח, און דאָס האַרץ ווערט פאַרשטאַרט. נישט אַלע מאָל זענען זיי גאָר אויסן שלעכטס, און ווי איך האָב פריער געזאָגט, בין איך זייער פריינד... נאָר זייער שטים האָט פאָרט עפּעס אַ דערשיטערנדיקע קראַפט." ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

"ווייטער!", איז צוגעשטאַנען פּאַלינע.

גאָבאָ האָט זי אָנגעקוקט. "איז אַלדזאָ, זיי וואָלטן מיך דעמאָלט צעריסן... נאָר דאָ איז ע ר אונטערגעקומען!"

גאָבאָ האָט געמאַכט אַ פּויזע. זיינע צוהערער האָבן קוים געאָטעמט.

"יאָ", האָט גאָבאָ געזאָגט, "דאָ איז ע ר אונטערגעקומען! ע ר האָט אַ רוף געטון די הינט, און זיי זענען תּיכּף שטיל געוואָרן. ע ר האָט נאָכאַמאָל אַ רוף געטון, און זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט פאַר א י ם אויפן באָדן, און נישט געוואַגט אַ ריר צו טון זיך. דעמאָלט האָט ע ר מיך אויפגעהויבן. איך האָב געשריגן. נאָר ע ר האָט מיך געלאַשטשעט. ע ר האָט מיך מילד צוגעטוליעט צו זיך. ע ר האָט מיר נישט פאַרשאַפט קיין ווייטיק. און דעמאָלט האָט ע ר מיך אַוועקגעטראָגן..."

פּאַלינע האָט אים איבערגעריסן:

"וואָס איז דאָס אַזוינס "טראָגן"?"

גאָבאָ האָט גענומען דערקלערן אויספירלעך, מיט אַלע פּרטים.

"זייער פּשוט", איז באַמבי אַריינגעפאַלן אינדערמיט, "זע נאָר, פּאַלינע, ווי דאָס מאַכט די וועווערקע, בעת זי האַלט אַ נוס און טראָגט אים אַוועק..."

די וועווערקע האָט ענדלעך געוואָלט אָנהויבן רעדן: "... מיינער אַ פעטער...", האָט זי אָנגעהויבן מיט ברען. נאָר

דער עולם האָט נישט געוואָלט הערן. „שטיל! זאָל זיין שטיל! גאָבאָ וועט ווייטער דערציילן".

די וועווערקע האָט געמוזט שווייגן. זי איז געווען פאַרצווייפלט; זי האָט צוגעדריקט אירע פאָדערשטע לאַפּקעס צו דער ווייסער ברוסט און געפּרווט רעדן בלויז צו דער סאָראָקע: „... נעמלעך... דער פעטער..."

נאָר די סאָראָקע האָט גאָר איינפאַך אומגעקערט זיך צו איר מיטן רוקן.

גאָבאָ האָט דערציילט וווּנדערפולע זאַכן. „דרויסן איז קאַלט, און עס וואָיעט אַ שטורעם. אינעווייניק, אָבער, איז שטיל און אַזוי וואַרעם, ווי זומער".

„אַך!", האָט אַ סקריפּע געטון דער אייכלראָב.

„דרויסן פליוכעט אַ רעגן, און אַלץ שווימט. אָבער אינעווייניק פאַלט נישט קיין טראָפּן, און מען בלייבט טרוקן".

ביי די פאַזאַנען האָבן אַ צוק געטון די העלדזער, און זיי האָבן געדרייט מיט די קעפּ.

„דרויסן איז אומעטום געלעגן שניי, אָבער אינעווייניק בין איך געשטאַנען אין דער וואַרעם, עס איז מיר געווען הייס, און ע ר האָט מיר געגעבן עסן היי, קאַשטאַנעס, קאַרטאָפל, ריבן, — וואָס מיר האָט זיך נאָר געקאָנט גלוסטן..."

„היי?!", האָבן אַלע מיטאַמאָל איבערגעפרעגט, איבעראַשטע, צווייפלענדיקע, אויפגערעגטע.

„פרישע, זיסע היי", האָט גאָבאָ געלאָזן איבערגעחזרט און זיגעריש געבליקט אויף די פאַרזאַמלטע.

דאָ איז די וועווערקע אינמיטן אַריינגעפאַלן מיט אירס: „מיינער אַ פעטער..."

„אָבער שווייג שוין אַמאָל!", האָבן געפאָדערט די איבעריקע.

פאַלינע האָט אומגעדולדיק געפרעגט: „ווי אָבער נעמט ע ר ווינטער היי און די אַלע אַנדערע זאַכן?"

„ער לאָזט דאָס וואַקסן", האָט גאַבאָ געענטפערט. „ער לאָזט וואַקסן וואָס נאָר ער וויל, און ער האָט דאָרטן אַלצ-דינג!"

פּאַלינע האָט ווייטער געפרעגט: „אָבער, גאַבאָ, צי ביסטו נישט געווען דאָרטן ביי אים אין כסדרדיקער שרעק?"

גאַבאָ האָט מיט ביטול געשמייכלט: „ניין, ליבע פּאַלינע. עס הויבט זיך גאָרנישט אָן. איך האָב דאָך געוווּסט, אַז ער וויל מיר נישט טון קיין שום בייז. וואָס האָב איך געהאַט מורא צו האָבן? איר מיינט אַלע, אַז ער איז אַ שלעכטער. אָבער ער איז גאָר נישט קיין שלעכטער. אַז ער האָט עמיצן ליב, אַז מען דינט אים, דעמאָלט איז ער גוט. וווּנדערלעך ווי גוט. קיינער אין דער גאַנצער וועלט קאָן נישט זיין אַזוי גוט, ווי ער..."

ווי גאַבאָ האָט אַזוי גערעדט, איז פּלוצלינג, אָן שום גערויש, פון די קוסטעס אַרויסגעגאַנגען דער אַלטער.

גאַבאָ האָט עס נישט באַמערקט און האָט ווייטער דערציילט. אַלע אַנדערע האָבן אָבער דעם אַלטן דערזען, און פון רעספּעקט איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

דער אַלטער איז געשטאַנען אָן באַוועגונג און האָט מיט זיינע טיפע, ערנסטע אויגן באַטראַכט גאַבאָן.

גאַבאָ האָט דערציילט: „נישט נאָר ער אַליין, אויך זיינע קינדער האָבן מיך ליב געהאַט, זיין פרוי און אַלע זייניקע. זיי האָבן מיך געצערטלט, האָבן מיך געקאָרמעט און געשפּילט זיך מיט מיר..." ער האָט איבערגעריסן. ער האָט דערזען דעם אַלטן.

עס איז געוואָרן אינגאַנצן שטיל.

דאַן האָט דער אַלטער געפרעגט מיט זיין רויִקער באַפעלערישער שטים: „וואָס פאַר אַ צייכן האָסטו דאָס אויפן האַלדז?"

אַלע האָבן אַ קוק געטון און האָבן ערשט איצטער באַמערקט אַ טונקעלען פּאַס פון איינגעדריקטע און אויסגעקראַצטע האָר, וואָס האָט אַרומגעצוימט גאַבאָס האַלדז.

גאָבאָ האָט פאַרלוירן געענטפערט: „דאָס...? דאָס איז פון דעם באַנד, וואָס איך האָב געטראָגן... דאָס איז זיין באַנד... און... אוודאי... עס איז די גרעסטע ערע זיין באַנד צו טראָגן... דאָס איז..." ער איז געווען צעמישט און האָט געשטאַמלט.

אַלע האָבן געשוויגן. דער אַלטער האָט לאַנג אָנגעקוקט גאָבאָן, דורכדרינגלעך און טרויעריק.

„אומגליקלעכער", האָט ער שטיל געזאָגט, — אָפּגעקערט זיך, און איז אַוועקגעגאַנגען.

אין דער געדריקטער שטילקייט, וואָס איז געוואָרן, האָט די וועווערקע גענומען פּלאַפּלען: „נעמלעך... מיינער אַ פעטער איז אויך ביי אים געווען. ער האָט אים געכאַפּט און פאַרשפּאַרט... אָ, זייער לאַנג האָט ער אים געהאַלטן פאַרשפּאַרט... ביז מיין פעטער האָט איינמאָל..."

נאָר קיינער האָט נישט געהערט דער וועווערקעס רייד. מען איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

**א**ין איינעם אַ טאָג האָט זיך ווידער באַוויזן מארענע. אין יענעם ווינטער, ווען גאָבאָ איז פאַרשווּנדן, איז זי געווען שוין כּמעט אַ דערוואַקסענע. נאָר פון דעמאָלט אָן האָט כּמעט קיינער זי נישט געזען, מחמת זי האָט זיך שטענדיק געהאַלטן אָפּגעזונדערט און איז געגאַנגען מיט איינזאַמע וועגן.

זי איז געבליבן קליינגעוויקסיק און האָט אויסגעזען גאָר יינג. נאָר זי איז געווען ערנסט און שטיל און אויסגעצייכנט זיך מיט דער מילדקייט פון איר געמיט. איצטער האָט זי פון דער וועוועריקע און סאָראָקע, פונם אייכלראָב, דראָמל און פאַזאַן געהערט, אַז גאָבאָ איז אַהיימגעקומען, און אַז ער האָט וווּנדערלעכע זאַכן איבערגעלעבט. איז זי געקומען, אים צו זען.

גאָבאָס מוטער איז זייער שטאָלץ געווען און גליקלעך מיט דעם דאָזיקן באַזוך. זי איז אין איר גליק בכלל געוואָרן זייער שטאָלץ. זי האָט געפרייט זיך, וואָס דער גאַנצער וואַלד רעדט וועגן איר זון, זי האָט אָנגעקוואָלן פון זיין באַרימטקייט, און זי האָט פאַרלאַנגט, יעדערער זאָל אָנערקענען, אַז איר גאָבאָ איז דער פעיקסטער, דער קליגסטער און דער בעסטער.

„וואָס זאָגסטו, מארענע?“, האָט זי אויסגערופן. „וואָס זאָגסטו צו גאָבאָן?“ זי האָט נישט געוואַרט אויפן ענטפער און האָט פאָרגעזעצט: „געדענקסט נאָך, ווי פרוי נעטלאַ האָט קנאַפּ געהאַלטן פון אים, מחמת ער האָט פון קעלט אַביסל געפיבערט... געדענקסט נאָך, ווי זי האָט מיר פאָרויסגעזאָגט, אַז איך וועל פון אים קיין צו-פיל נחת נישט האָבן?“

„יאָ, אָבער איר האָט היפּש עגמת-נפש געהאַט צוליב אים“, האָט מארענע געענטפערט.

„אָבער דאָס איז דאָך שוין פאַריבער“, האָט די מוטער אויסגערופן. זי איז געווען פאַרווּנדערט, וואָס עמיצער געדענקט דאָס גאָר. „אָך, סאַראַ שאָד! פרוי נעטלאַ לעבט שוין

נעבעך נישט, און זי קאָן נישט זען, וואָס פון מיין גאָבאָן איז געוואָרן".

„יאָ", האָט מארענע שטיל געזאָגט, „אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד פרוי נעטלאַ".

גאָבאָ האָט גערן געהערט, ווי די מוטער לויבט אים. עס האָט אים הנאה געטון. ער האָט געהאַט פאַרגעניגן פון די אַלע שבחים, ווי פון וואַרימער זונען-שיין.

די מוטער האָט דערציילט מארענען: „אַפילו דער אַלטער פירשט איז געקומען גאָבאָן אָנקוקן..." זי האָט דאָס געזאָגט שעפּטשענדיק, סודותפול און פייערלעך. „קיינמאָל האָט ער זיך נאָך צווישן אונדז נישט באַוויזן... אָבער פון גאָבאָסוועגן איז ער געקומען!"

„פאַרוואָס האָט ער מיך אָנגערופן „אומגליקלעכער?", איז גאָבאָ אַריינגעפאַלן מיט אַן אומצופרידענעם טאָן. „איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס האָט ער דערמיט געמיינט!"

„אַ דאגה דיר", האָט אים די מוטער געטרייסט, „ער איז אַלט און האָט זיך זיינע איינפאַלן".

נאָר גאָבאָ האָט געמוזט זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן: „אַ גאַנצן טאָג עגבערט דאָס מיר דעם מוח. „אומגליקלעכער!" אַז איך בין גאָרנישט אומגליקלעך! איך בין גאָר זייער גליקלעך! איך האָב מער געזען, מער דורכגעלעבט, ווי אַלע אַנדערע. איך קען די וועלט בעסער, איידער אַלע אַנדערע, איך קען דאָס לעבן בעסער, איידער יעדער אַנדערער דאָ אין וואַלד! ווי מיינסטו, מארענע?"

„יאָ", האָט געזאָגט מארענע, „דאָס קאָן מען געוויס נישט לייקענען".

פון יענעם טאָג אָן פלעגן גאָבאָ און מארענע שטענדיק אַרומגיין צוזאַמען.

באַמבי האָט געזוכט דעם אַלטן. גאַנצע נעכט איז ער אַרומגעלאָפן; ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט פון זון-פאַר-גאַנג ביז דער שעה פון מאָרגנרויט אויף נישט אויסגעטראָ-טענע וועגן, אַליין, אָן פאַלינען.

אָפטמאָל האָט אים נאָך געצויגן צו פאַלינען, אָפטמאָל פלעגט ער מיט איר פאַרברענגען אַזוי גוט ווי פריער, און אים איז ליב געווען מיט איר אַרומצוגיין, הערן אירע פּלוי-דערייען און אויף דער לאָנקע אָדער ביים וואַלד-זוים צוזאַ-מען פראַווען אַ מאָלצייט; אָבער דאָס אַלץ האָט שוין אים איצטער נישט אינגאַנצן צופרידנגעשטעלט.

פריער פלעגט ער, פאַרברענגענדיק מיט פאַלינען, נאָר זעלטן, און דאָס אויך בלויז פאַרבייגייענדיק, טראַכטן וועגן זיינע באַגעגענישן מיטן אַלטן. איצטער האָט ער געהאַלטן אין איין זוכן דעם אַלטן און האָט געפילט אַן אומבאַגרייפלעך-שטאַרקן פאַרלאַנג אים צו זען, און בלויז פון מאָל צו מאָל האָט ער זיך דערמאַנט אָן פאַלינען. און ער האָט זי גע-קאָנט האָבן שטענדיק, ווען ער האָט נאָר געוואָלט. דערפאַר האָט אים שוין גאָר ווייניק געלאָקט די געזעלשאַפט פון גאָ-באָ און פון דער מומע ענאַ, און ער האָט זיי אויסגעמיטן, ווי ווייט ער האָט נאָר געקאָנט.

דאָס וואָרט, וואָס דער אַלטער האָט געזאָגט אויף גאָ-באָן, האָט נאָך געקלונגען אין באַמביס אויערן. ער איז פון דעם מערקווירדיק ווי געוועזן געטראָפן. גאָבאָ האָט אים פון ערשטן טאָג פון זיין צוריקקער מאָדנע ווי גערירט. באַמבי האָט נישט בעוווסט פאַרוואָס, נאָר גאָבאָס אָנבליק האָט פאַר אים, פון דער ערשטער רגע אָן, פאַרמאָגט עפּעס פיינלעכס. באַמבי האָט זיך געשעמט פאַר גאָבאָן, נישט ווויסנדיק צוליב וואָס, און ער האָט אויף אים גלייכצייטיק רחמנות געהאַט, נישט ווויסנדיק פאַרוואָס. ווען ער איז אָבער איצטער געווען צוזאַמען מיטן רואיקן, זעלבסטצופרידענעם און גאַוהדיקן גאָ-באָן, פלעגט אים שטענדיק קומען אויפן געדאַנק: „אומגליק-

לעכער״. און ער האָט זיך פון אָט דער מחשבה נישט גע־קאָנט באַפרייען.

אין איינער אַ טונקעלער נאַכט, ווען באַמבי האָט גע־וואָלט נושא חן זיין ביי דער שפּערל־סאָווע, און ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז שרעקלעך דערשראָקן, איז אים פּלוצלינג איינגעפאַלן צו פרעגן: „אפשר ווייסט איר, ווו קאָן איצטער זיין דער אַלטער?״

די שפּערל־סאָווע האָט אַ בורטשע געטון. זי האָט נישט די מינדסטע השגה, ווו ער קאָן זיין. נאָר באַמבי האָט באַ־מערקט, אַז זי וויל נישט אַרויסקומען מיט לשון.

„ניין״, האָט ער געזאָגט, „איך גלויב אייך נישט. איר זענט אַזוי קלוג, איר ווייסט פון אַלץ, וואָס עס פּאַסירט אין וואַלד... זיכער מוזט איר וויסן, ווו האָט זיך דער אַלטער פאַרבאַהאַלטן״.

די שפּערל־סאָווע האָט געלאָזט אַראָפּפאַלן אירע אויפ־געשטרויבטע פעדערן צום לייב, און איז געוואָרן שמאָל. „נאַ־טירלעך, ווייס איך״, האָט זי אַ בורטשע געטון נאָך שטילער. „נאָר איך טאָר דאָס נישט זאָגן... איך טאָר באמת נישט...״

באַמבי האָט אָנגעהויבן צו בעטן. „איך וועל דאָך אייך נישט אויסגעבן... ווי וואָלט איך דאָס גאָר געקאָנט, בעת איך פאַרער אייך אַזוי שטאַרק...״

די שפּערל־סאָווע איז ווידער געוואָרן ווי אַ שיינע, גרוי־ברוינע פּילקע; זי האָט אַביסל פאַרגלאָצט אירע גרויסע קלוגע אויגן, ווי תמיד בעת אַ גוטער שטימונג, און האָט געפרעגט: „אַזוי, איר פאַרערט מיך טאַקע באמת? און פאַר־וואָס?״

באַמבי האָט זיך נישט געקווענקלט: „ווייל איר זענט אַזאַ חכמה״, האָט ער אויפריכטיק דערקלערט, „און נישט גע־קוקט אויף דעם, זענט איר אַזוי לוסטיק און אַזוי פריינדלעך. און ווייל איר זענט אַזאַ בריה אַנדערע צו דערשרעקן. עס איז אַזוי קלוג יענעם איבערצושרעקן, גאָר באַזונדערס קלוג.

איך וואָלט גריילעך געוואָלט אויך אַזוי קאָנען, עס וואָלט מיר שטאַרק צונוץ געקומען״.

די שפּערל-סאָווע האָט פאַרשטעקט איר שנאָבל טיף אינם פוך אויף דער ברוסט, און זי איז געווען גליקלעך.

„יאָ״, האָט זי געזאָגט, „איך ווייס, אַז דער אַלטער האָט אייך גאַנץ גערן...״

„איר מיינט טאַקע אַזוי?״, האָט באַמבי נישט אויסגע-האַלטן, און זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן פריידיק צו קלאַפּן.

„יאָ, איך ווייס דאָס גוט״, האָט געענטפערט די שפּערל-סאָווע. „ער האָט אייך גאַנץ גערן, און דעריבער מיין איך, אַז איך מעג וואַגן און אייך זאָגן, וווּ ער איז איצטער...״

זי האָט צונויפגעצויגן אירע פעדערן געדיכט צום לייב, און איז ווידער געוואָרן גאַנץ דין. „איר קענט דעם טיפן גראָבן, דאָרטן לעבן די ווערבעס?״

„יאָ״, האָט באַמבי אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

„און קענט איר אויך דעם יינגן דעמבבענעם וואַלד פון יענער זייט גראָבן?״

„ניין״, האָט באַמבי זיך מודה געווען, „איך בין אויף דער צווייטער זייט נאָך קיינמאָל נישט געווען״.

„טאָ פאַרגעדענקט דאָס גוט״. די שפּערל-סאָווע האָט געשעפּטשעט: „אויף דער אַנדערער זייט איז אַ דעמבן וועלדל, איר מוזט עס אַדורכגיין; דערנאָך גייען קוסטעס, זייער פיל קוסטעס, נוסבוימער, זילבערנער טאָפּאָל, ווייסדאָרן און ליגוס-טער. אינמיטן דאָרטן ליגט אַן אַלטער, פון ווינט צעבראָכענער בוק. איר וועט אים מוזן זוכן, ווייל פון אונטן, פון אייך אויס, קאָן מען עס אַזוי גוט נישט מערקן, ווי פון אויבן, פון דער לופט. דאָרטן איז ער. אונטערן שטאַם. אָבער... איר זאָלט מיך נישט אויסגעבן!״

„אונטערן שטאַם?״

„יאָ!״ די שפּערל-סאָווע האָט געלאַכט. „אין איין אָרט איז דאָרטן אין דער ערד אַ גרוב. דער שטאַם איז אויסגע-הוילט און ליגט קווער דער גרוב. דאָרטן איז ער״.

„איך דאַנק אייך“, האָט באַמבי געזאָגט האַרציק, „איך ווייס נישט, צי וועל איך אים געפינען, נאָר איך דאַנק אייך טויזנט מאָל“.

ער איז שנעל אַוועקגעלאָפן.

די שפּערל־סאָווע איז אָן דעם מינדסטן שאָרך אים נאָכגעפלויגן און נאָענט איבער אים אַרויסגעלאָזן אַ שניידנדיקן „אוי־י! אוי־איאוי!“

באַמבי איז פאַרציטערט געוואָרן.

„איר האָט זיך דערשראָקן?“, האָט די שפּערל־סאָווע געפרעגט.

„יאָ“, האָט ער געשטאַמלט, און דאָסמאָל געזאָגט די ריכטיקייט.

די שפּערל־סאָווע האָט, אַ צופרידענע, אַ בורטשע געטון און געזאָגט: „איך האָב אייך נאָר נאָכאַמאָל געוואָלט דערמאָנען, איר זאָלט מיך נישט פאַראַטן!“

„געוויס נישט!“, האָט באַמבי פאַרזיכערט און געלאָפן ווייטער.

אַז ער איז געקומען צום גראָבן, האָט פאַר אים פון דער נאַכט־פינצטערער טיפקייט פּלוצים אויפגעטויכט דער אַלטער. ער איז דערשינען אַזוי פּלוצלינג און גערוישלאָז, אַז באַמבי האָט ווידער אויפגעציטערט.

„איך בין שוין נישט מער דאָרטן, וווּ דו זוכסט מיך“, האָט געזאָגט דער אַלטער.

באַמבי האָט געשוויגן.

„וואָס ווילסטו פון מיר?“, האָט געפרעגט דער אַלטער.

„גאָרנישט...“, האָט באַמבי געשטאַמלט, „אָה... גאָרנישט... זייט מיר מוחל...“

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער אַלטער געזאָגט, און עס האָט געקלונגען מילד:

„דו זוכסט מיך שוין נישט פון הײַנט“.

ער האָט געוואַרט. באַמבי האָט געשוויגן. האָט דער אַלטער פאָרגעזעצט: „נעכטן ביסטו צוויי מאָל פאַרבײַגעגאַנגען

גאַנץ נאָענט פון מיר, היינט אינדערפרי ווידער צוויי מאָל, גאָר נאָענט..."

„פאַרוואָס..." באַמבי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, „פארוואָס האָט איר דאָס געזאָגט אויף גאָבאָן?"

„צי רעכנסטו, אַז איך בין נישט געווען גערעכט?"

„ניין", האָט באַמבי ליידנשאַפטלעך אויסגעשריגן, „ניין! איך פיל, אַז דאָס איז אַזוי!"

דער אַלטער האָט קוים צו מערקן אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, און זיינע אויגן האָבן אָנגעקוקט באַמבין אַזוי לייטזע־ליק, ווי קיינמאָל נישט פריער.

באַמבי האָט געמאָנט ביי די דאָזיקע אויגן: „אָבער... פאַרוואָס?... איך קאָן דאָס נישט באַגרייפן!"

„גענוג, אַז דו פילסט עס. דו וועסט עס שפּעטער באַ־גרייפן. זיי געזונט".

אַלע האָבן באַלד באַמערקט, אַז גאָבאָ האָט לעבנס־געוווינ־הייטן, וואָס זענען ווונדערלעך און משונהדיק. ער פֿלעגט שלאָפֿן בייטאָג, בעת די אַנדערע פֿלעגן וואַך זיין און אַרומ־גיין. און ביינאַכט, בעת אַלע פֿלעגן זוכן נאָרעס אויף צו שלאָפֿן, פֿלעגט ער, אַ מונטערער, אַרומשפּאַצירן. און ווען ער האָט נאָר געוואָלט, פֿלעגט ער, אָן שום קווענקלענישן, אַרויס־גיין פֿון וואַלד, און אינמיטן העלן טאָג פֿלעגט ער זיך גאַנץ רואיק שטיין אויף דער לאָנקע.

באַמבי האָט דאָס שוין לענגער נישט געקאָנט פֿאַרשווייגן. „טראַכסטו דען גאָרנישט וועגן דער געפֿאַר?", האָט ער געפֿרעגט.

„ניין", האָט גאָבאָ געענטפֿערט, „פֿאַר מיר עקזיסטירט נישט קיין געפֿאַר".

„דו פֿאַרגעסט, מיין ליבער באַמבי", האָט זיך אַריינגעמישט גאָבאָס מוטער, „דו פֿאַרגעסט, אַז ע ר איז גאָבאָס פֿריינד. גאָבאָ מעג זיך געוויס דערלויבן אַביסל מער פֿאַר דיר און פֿאַר אונדז אַלעמען". זי איז געווען זייער שטאָלץ.

באַמבי האָט מער נישט גערעדט.

איינמאָל האָט גאָבאָ אים געזאָגט: „דו ווייסט, טיילמאָל קומט מיר אויס גאַנץ מאָדנע, וואָס איך עס דאָ, ווען איך וויל און וואָס איך וויל".

באַמבי האָט נישט פֿאַרשטאַנען. „וואָס איז דאָ די מאָד־נעקייט? אַלע טוען מיר דאָך אַזוי".

„יאָ... איר!", האָט גאָבאָ דערווידערט מיט אַ טאָן פֿון העכערקייט. „מיט מיר איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש. איך בין געוווינט, מען זאָל מיר מיין עסן ברענגען, און מען זאָל מיך רופֿן, בעת ס'איז פֿאַרטיק".

באַמבי האָט מיט מיטלייד אָנגעקוקט גאָבאָן, און גע־ווענדעט זיין בליק צו דער מומע ענאַן, צו פֿאַלינען און צו מארענען. נאָר זיי האָבן געשמייכלט און באַוווּנדערט גאָבאָן.

„איך מיין", האָט אָנגעהויבן פֿאַלינע, „אַז דיר, גאָבאָ, וועט שווער זיין איבערצוטראָגן דעם ווינטער. ביי אונדז דאָ

אין דרויסן איז נישטאָ ווינטער נישט קיין היי, נישט קיין ריבן, נישט קיין קאַרטאָפל".

„דאָס איז אמת", האָט גאָבאָ געענטפערט אַ פאַרטראַכ־טער. „וועגן דעם האָב איך נאָך גאָרנישט געקלערט. איך קאָן מיר גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי דאָס איז אַזוי. דאָס מוז זיין שרעקלעך".

באַמבי האָט רואיק געזאָגט: „עס איז נישט שרעקלעך. עס איז נאָר שווער".

„נו, מילא", האָט גאָבאָ דערקלערט גאַוההדיק, „וועט מיר שווער ווערן, גיי איך גאָר פשוט ווידער אַוועק צו א י ם. צו־ליב וואָס זאָל איך דען הונגערן? דאָס איז באמת אַן איבע־ריקע זאַך".

באַמבי האָט נישט גערעדט קיין וואָרט, נאָר אָפּגעקערט זיך און איז אַוועקגעגאַנגען.

אַז גאָבאָ איז דערנאָך ווידער געבליבן אַליין מיט מאַ־רענען, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן באַמבין. „ער פאַר־שטייט מיך נישט", האָט גאָבאָ געזאָגט, „דער גוטער באַמבי מיינט, אַז איך בין נאָך אַלץ דער קליינער, נאַרישער גאָבאָ פון אַמאָל. ער קאָן נאָך אַלץ זיך נישט צוגעוווינען דערצו, אַז איך בין געוואָרן גאָר עפּעס אַנדערש. די געפאַר! שטענ־דיק פאַרדרייט ער א קאָפּ מיט דער געפאַר. זיין מיין איז געוויס אַ גוטער, נאָר די געפאַר איז אַ שרעק בלויז פאַר אים און זיינס גלייכן, אָבער נישט פאַר מיר!"

מאַרענע האָט אים פּאָטאַקעוועט. זי האָט אים געליבט, און גאָבאָ האָט זי געליבט, און זיי זענען געווען זייער גליקלעך.

„זעסטו", האָט ער צו איר גערעדט, „קיינער פאַרשטייט מיך נישט אַזוי גוט, ווי דו! אַלנפאַלס, דאַרף איך מיך נישט באַקלאָגן. מען אַכט מיך אומעטום. נאָר דו פאַרשטייסט מיך צומבעסטן. אַלע איבעריקע... וויפל מאָל איך זאָל זיי נישט דערציילן, ווי גוט ע ר איז, הערט מען מיך אויס — מען

טראַכט געוויס נישט, אַז איך זאָג ליגן — אָבער דאָך בלייבן זיי ביי זייערס, אַז ער מוז זיין שרעקלעך".

„איך האָב תמיד אין אים געגלויבט", האָט מארענע געזאָגט טרוימעריש.

„צי דערמאָנסטו זיך", האָט מארענע פאָרגעזעצט, „יענעם טאָג, ווען דו ביסט געבליבן ליגן אין שניי? אין יענעם טאָג האָב איך געזאָגט, ער וועט נאָך אַמאָל צו אונדז אין וואַלד אַריין קומען און מיט אונדז זיך שפּילן..."

„ניין", האָט גאָבאָ געזאָגט צעצויגן, „דאָס קאָן איך מיר נישט דערמאָנען".

עס זענען אַוועק אַ פּאָר וואָכן. איינמאָל אין אַ פרי-מאָרגן זענען באַמבי, פאַלינע, גאָבאָ און מארענע געווען צו-זאַמען אין זייער היימאַטלעכן נוס-וואַלד. באַמבי און פאַלינע זענען גראָד געקומען אַהיים פון אַ וואַנדערונג. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם דעמב און געוואָלט אויפזוכן זייער גע-לעגער, ערשט — זיי האָבן אָנגעטראָפן גאָבאָן מיט מארענען. גאָבאָ האָט געזאָלט אַרויסגיין אויף דער לאָנקע.

„בלייב גאָר ביי אונדז", האָט באַמבי געזאָגט, „די זון וועט באַלד אויפגיין, איצטער גייט מען שוין נישט אַרום אויף-אַן אָפן אָרט".

„לעכערלעך", האָט גאָבאָ געחוזקט, „מען גייט נישט... איך גיי".

ער האָט זיך געלאָזט גיין. מארענע האָט אים נאָכגע-פאָלגט.

באַמבי און פאַלינע זענען שטיין געבליבן. „קום!", האָט באַמבי מיט גרויס פאַרדרוס געזאָגט צו פאַלינען, „קום! זאָל ער זיך טון, וואָס ער וויל".

זיי האָבן געוואָלט אַוועקגיין.

פון דרויסן, פון דער אַנדערער זייט לאָנקע, האָט זיך הילכיק און וואָרענענדיק דערטראָגן דאָס געשריי פונם אייכלראָב.

מיט איין שפּרונג האָט באַמבי זיך אומגעקערט און גע-

לאָפן נאָך גאָבאָן. ביים דעמב האָט ער אים מיט מאַרענען דעריאָגט.

„דו האָסט געהערט?", האָט ער אויסגערופן.

„וואָס איז אַזוינס?", האָט גאָבאָ געפרעגט פאַרוווּנדערט.

ווידער האָט אויפן אַנדערן ברעג לאָנקע געשריגן דער אייכלראָב.

„דו הערסט נישט?", האָט באַמבי איבערגעפרעגט.

„ניין", האָט גאָבאָ רואיק געענטפערט.

„ס'איז געפאַר!", האָט באַמבי אויסגעשריגן.

איצטער האָט שניידיק גערופן אַ סאָראָקע, באַלד נאָך איר אַ צווייטע, און אין זעלבן אויגנבליק אַ דריטע. און אינמיטן האָט דער אייכלראָב נאָכאַמאָל אַ געשריי געטון און הויך אינדערלופטן האָבן קראָען גענומען געבן צייכנס.

איצטער האָט פאַלינע אָנגעהויבן בעטן: „גיי נישט אַרויס, גאָבאָ! ס'איז געפאַר!"

מאַרענע אַליין האָט אויך געבעטן: „בלייב דאָ! מיר צוליב, בלייב היינט דאָ... ס'איז געפאַר!"

גאָבאָ איז געשטאַנען און ביטולדיק געשמייכלט: „געפאַר! געפאַר! וואָס אַרט דאָס מיך?"

באַמבין איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק, וואָס האָט געקאָנט קומען נאָר אין אַזאַ נויט-רגע: „זאָל לפּחות צוערשט אַרויסגיין מאַרענע, וועלן מיר כאָטש וויסן..."

ער האָט נאָך נישט געענדיקט, ווי מאַרענע האָט זיך שוין אַרויסגעשלייכט.

אַלע דריי זענען געשטאַנען און איר נאָכגעקוקט. באַמבי און פאַלינע אָן אָטעם, און גאָבאָ גאַנץ געדולדיק, ווי ער וואָלט בלויז געוואָלט נאָכגעבן די אַנדערע זייערן אַ נאַרישן קאַפּריז.

זיי האָבן געזען, ווי מאַרענע איז לאַנגזאַם געגאַנגען איבער דער לאָנקע, טריט ביי טריט, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. זי האָט געפאָרשט און געשנאַפּט אין אַלע זייטן.

פלוצלינג — אַ בליצשנעלער קער, אַ הויכער שפּרונג,

און, ווי פון שטורעם געיאָגט, איז זי אַריינגעשפּרונגען צוריק אין וואַלד.

„ע ר... ע ר איז דאָ!", האָט זי געמורמלט מיט אַ פאַרשטיקטער פון שרעק שטימע. זי האָט געשוידערט אויפן גאַנצן לייב. „איך... איך... האָב... א י ם געזען... ע ר... איז דאָ...", האָט זי געשטאַמלט, „דאָרט קעגנאיבער, ביי די אָלכעס שטייט ע ר..."

„אַנטלויפן!", האָט גערופן באַמבי, „תּיכּף אַנטלויפן!"

„קום!", האָט זיך געבעטן פאַלינע, און מארענע, וואָס האָט כּמעט ווי רעדן נישט געקאָנט, האָט געשעפּטשעט: „איך בעט דיך, גאָבאָ, קום איצטער... איך בעט דיך..."

נאָר גאָבאָ איז פאַרבליבן רואיק. „לויפט אייך געזונ־טערהייט", האָט ער געזאָגט, „איך שטער אייך דען? אַז ע ר איז דאָ, וועל איך אים באַגריסן".

עס איז נישט מעגלעך געווען גאָבאָן איבערצורעדן.

זיי זענען געבליבן, און האָבן געזען, ווי ער איז אַרויס־געגאַנגען. זיי זענען געבליבן, ווייל זיין שטאַרקע זיכערקייט האָט זיי אויך אָנגעשטעקט; אָבער גלייכצייטיק האָט זיי באַהערשט אַ שרעקלעכע מורא פאַר גאָבאָן. זיי האָבן נישט געקאָנט רירן זיך פון אָרט.

גאָבאָ איז פריי געשטאַנען אויף דער לאָנקע, האָט זיך אַרומגעקוקט און געזוכט די אָלכעס. אָט האָט ער זיי שוין, אַפּנים, געפונען; אָט האָט ער, אַפּנים, א י ם דערזען. נאָר דאָ האָט מיטאַמאָל אַ קנאַל געטון דער דונער.

דער קנאַל האָט אַ שליידער געטון גאָבאָן אין דער הויך. ער האָט ראַפּטום זיך אַ קער געטון און מיט ווילדע שפּרונגען זיך געלאָזן צום וואַלד.

אַז ער איז אַריין, זענען זיי נאָך געשטאַנען, געליימטע פון שרעק, זיי האָבן געהערט זיין כאָרכלענדיקן אָטעם, און האָבן זיך אַלע געלאָזט לויפן צוזאַמען מיט אים; ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, נאָר ווייטער געשטורעמט מיט ווילדע

שפּרונגען; זיי האָבן אים אַריינגענומען אין מיטן און געלאָפן מיט אַלע כּוחות.

באַלד אָבער איז גאָבאָ אַנידערגעפאַלן.

מאַרענע איז באַלד שטיין געבליבן, שטיל, גאַנץ נאָענט פון אים. באַמבי און פאַלינע אַ ביסל ווייטער, גרייט צום לויפן.

גאָבאָ איז געלעגן מיט אַן אויפגעריסענעם בויך און פאַרבלוטיקט־אַרויסגעפאַלענע געדערים. מיט אַ פאַרחלשטער באַוועגונג האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

„מאַרענע...", האָט ער קוים אַרויסגערעדט, „מאַרענע... ער האָט מיך נישט דערקענט..." זיין קול האָט זיך פאַרהאַקט.

אין די קוסטעס פון דער לאָנקע האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדער גערויש.

מארענע האָט איינגעבויגן איר קאָפּ צו גאָבאָן. „ער גייט!", האָט זי אינדערגיך אַ פליסטער געטון. „גאָבאָ... ער גייט! קאָנסטו נישט אויפהויבן זיך און — מיט מיר... ?"

גאָבאָ האָט ווידעראַמאָל שוואַך אַ דריי געטון דעם האַלדז, האָט קראַמפנדיק אַ בריקע געטון מיט די פיס, און איז געבליבן ליגן.

מיט גערויש און שורשעריי האָבן זיך פונאַנדערגענומען די קוסטעס, און ע ר איז אַרויסגעקומען.

מארענע האָט א י ם געזען גאָר נאָענט. פּאַמעלעך האָט זי זיך צוריקגעצויגן, איז פאַרשוווּנדן הינטער דעם נאָענטסטן געדיכטן קוסט, און האָט געאיילט צו באַמבין מיט פאַלינען.

נאָך איינמאָל האָט זי זיך אומגעקערט און געזען, ווי ע ר האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום ליגנדיקן גאָבאָ און האָט אים גענומען.

דעמאָלט האָבן זיי געהערט גאָבאָס יאָמערלעכן טויט־געשריי

באַמבי איז געווען אַליין. ער איז געגאַנגען מיטן וואַסער, וואָס איז שטיל געפלאָסן צווישן טשערעט און ווערבעס.

אָפט און אָפטער פלעגט ער איצט קומען אַהער, — זינט ער האָט אָנגעהויבן זיך האַלטן וואָס מער אָפּגעזונדערט. דאָ איז געווען ווייניק סטעזשקעס, און דאָ פלעגט ער כמעט קיינעם נישט טרעפן פון די זייניקע. און גראָד דאָס איז אים געווען צום האַרצן. זיין טראַכטן איז איצטער געוואָרן ערנסט, און זיין געמיט — שווער. וואָס מיט אים טוט זיך, האָט ער נישט געוווּסט און אפילו וועגן דעם נישט געטראַכט. נאָר אַ קנויל מחשבות האָט אים אַלץ מער פאַרוויקלט און פאַרפּלאָנטערט, און דאָס גאַנצע לעבן איז עפּעס ווי טונקעלער געוואָרן.

ביים וואַסער פלעגט ער אָפּשטיין שעהן לאַנג. דער וואַסערשטראָם, וואָס איז דאָ פאַרבייגעלאָפן און זיך זאַנפט פאַרקערעוועט, האָט געעפנט אַ ווייטן אויסקוק. דער קילער אָטעם פון די כוואַליעס האָט געבראַכט דערפרישנדיק-ביטערע, גאָר נייע ריחות, וואָס האָבן געוועקט זאָרגלאָזיקייט און צוטרוי. באַמבי פלעגט שטיין און קוקן אויף די ענטלעך, וואָס האָבן דאָ ליבלעך צוזאַמען פאַרבראַכט. זיי פלעגן פירן צווישן זיך אומאויפהערלעכע שמועסן, און זייערע רייד זענען געווען פריינדלעך, ערנסט און קלוג. דאָ זענען געווען אַ פּאָר מוטערס, און יעדע האָט געהאַט לעבן זיך אַ גאַנץ געזעמל קינדער, וואָס זי האָט זיי שטענדיק געפירט און געלערנט. אָפּטמאָל פלעגט איינע פון די מוטערס געבן אַ וואָרן-צייכן. דעמאָלט פלעגן די יינגע ענטלעך, אָן דעם מינדסטן גערויש, צעשפּרייטן זיך אין זייטן און אַלע ביז איינעם פאַרשווינדן. באַמבי האָט געקוקט, ווי די קליינע, וואָס האָבן נאָך פליען נישט געקאָנט, פלעגן פאָרזיכטיק פאַרקריכן אין גע-

דיכטן טשערעט און דערביי נישט אָנרירן קיין איין רער־שטענגל, כדי דאָס וויגן זיך פון טשערעט זאָל זיי נישט פאַראַטן. מען האָט נאָר דאָ אָדער דאָרטן געקאָנט זען צווישן טשערעט, ווי ס׳ווערט לאַנגזאַם נעלם אַ קליינער, טונקעלער קערפּער, און מער גאָרנישט. נאָר עס איז גענוג געווען דער מוטערס איין קורצער רוף — און אין איין רגע פליגן זיי אַלע זיין צוריק. אין איין אויגנבליק פלעגט ווידער זיין אויפגעזאַמלט די גאַנצע מחנה, און זיי פלעגן ווידער אָנהויבן באַדאַכט צו רודערן. באַמבי האָט דאָס יעדעס מאָל פונדאָסניי באַוווּנדערט. דאָס איז געווען אַ מייסטערשטיק.

איינמאָל, נאָך אַזאַ אַלאַרם, האָט ער געפרעגט איינע פון די מוטערס: „וואָס, אייגנטלעך, האָט פריער פּאַסירט? איך האָב גוט אַכטונג געגעבן, און קיין זאַך נישט באַמערקט".

„עס איז טאַקע גאָרנישט נישט געווען", האָט געענטפערט די מוטער.

אַן אַנדערש מאָל האָט איינס פון די קינדער געגעבן אַ וואָרן־סיגנאַל, און בליצשנעל האָט עס דורכגערודערט צווישן די רער־שטענגלעך, און איז אַרויס אויפן ברעג, פונקט דאָרטן, וווּ באַמבי איז געשטאַנען.

באַמבי האָט געפרעגט דאָס קליינע ענטל: „וואָס האָט פּאַסירט? איך האָב גאָרנישט נישט באַמערקט".

„עס איז טאַקע גאָרנישט נישט געווען", האָט קלוג, נישט לויט די יאָרן, געענטפערט דאָס ענטעלע. עס האָט אָפּגעטרייסלט די פעדערן, זאָרגפול צונויפגעלייגט די פליגל־שפּיצן, און ווידער אַריינגערודערט אין וואַסער.

פונדעסטוועגן האָט באַמבי זיך פאַרלאָזן אויף די ענטלעך. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען וואַכזאַמער פון אים, אַז זיי הערן בעסער און זעען שאַרפער. אַז ער איז דאָ געשטאַנען, פלעגט אים אַביסל אָפּלאָזן די כסדרדיקע געשפּאַנטקייט, וואָס האָט אים איצטער געוויינלעך באַהערשט.

ער האָט אויך גערן געשמועסט מיט די ענטלעך. זיי האָבן נישט גערעדט וועגן די זאַכן, וועלכע זענען שוין גע־

ווען אים גוט באַוווסט און וואָס ווען זיי פלעגן שמועסן אַלע זיינע באַקאַנטע. זיי פלעגן דערציילן וועגן דער רחבות אין דער לופט, וועגן ווינט און וועגן ווייטע פעלדער, ווו מען האָט געקאָנט זיך קוויקן מיט אַלדאָס גוטס.

אָפטמאָל פלעגט באַמבי זען, ווי האַרט לעבן אים, לענג־אויס דעם ברעג, פלעגט עפּעס אַ קליינע זאַך דורכצוקן די לופט, ווי אַ פייערדיקער בליץ. „טשי־רי־אי!“, פלעגט אויס־שרייען דער אייזפויגל און פאַרבייבליצן, — אַ קליין טשיר־ליקנדיק פינטעלע. ער האָט געגליט בלוי און גרין, גע־פינקלט רויט, און פלעגט אויפלייכטן און פאַרשווינדן. דער־שטוינט און באַגייסטערט, האָט באַמבי געוואָלט באַטראַכטן דעם וווּנדערלעכן אומבאַקאַנטן פון דער נאָענט, און האָט אים אַ רוף געטון.

„אומזיסט אייער טירחה“, האָט די רערהון צו אים גע־רעדט פונם געדיכטן טשערעט. „אומזיסט אייער טירחה, ער וועט אייך גאָרנישט ענטפערן“.

„ווו זענט איר?“, האָט באַמבי געפרעגט און אַריינגע־בליקט צווישן טשערעט.

נאָר די רערהון האָט שוין הילכיק געלאַכט גאָר אין אַן אַנדער אָרט: „אָט בין איך! דער מרוקעוואַטער חברה־מאַן, מיט וועמען איר האָט פריער געפּרוווט שמועסן, רעדט מיט קיינעם נישט. אומזיסט האָט איר אים גערופן“.

„ער איז אַזוי שיין!“, האָט באַמבי געזאָגט.

„אָבער שלעכט!“, האָט צוגעגעבן די רערהון, שוין ווי־דער פון אַן אַנדער אָרט.

„פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?“, האָט באַמבי זיך געחידושט.

די רערהון האָט ווידער פון אַן אַנדער אָרט געענט־פערט: „קיינער און קיין שום זאַך גייען אים נישט אָן. דאָ מעג געשען, וואָס עס וויל זיך, ער גריסט זיך קיינמאָל נישט און האָט נאָך קיינמאָל אויף קיין באַגריסונג נישט געענט־פערט. ער גיט קיינעם נישט קיין צייכן, ווען אַ געפאַר איז נאָענט. ער האָט מיט קיינעם נאָך קיין וואָרט נישט גערעדט“.

„אָרעמער...", האָט געזאָגט באַמבי.

די רערהון האָט ווייטער גערעדט, און איר מונטערע, צווינטשערנדיקע שטים האָט שוין ווידער געקלונגען פון אַן אַנדער זייט: „ער מיינט, אַפּנים, אַז מען איז אים מקנא אויף זיינע קאָלירן, און ער וויל דעריבער נישט, מען זאָל אים גוט זען".

„איר ווילט זיך דאָך אויך נישט ווייזן", האָט באַמבי באַמערקט.

תּיכּף איז די רערהון געשטאַנען פאַר אים. „אין מיר איז נישטאָ וואָס צו זען", האָט זי געזאָגט איינפאַך. א שמאָלע און אַ גלאַנציקע פון וואַסער, איז זי געשטאַנען אין איר גלאַטן קלייד, מיט איר חנעוודיקער געשטאַלט, אומרואיק, באַוועגלעך און צופרידן. און אין איין רגע איז זי ווידער פאַרשוווּנדן.

„איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי קאָן מען לאַנג פאַרבלייבן אויף איין אָרט", האָט זי גערופן פון וואַסער. און ווידער פון אַן אַנדער זייט האָט זי צוגעגעבן: „עס איז לאַנגווייליק און געפערלעך אַזוי לאַנג אויף איין אָרט צו פאַרבלייבן". ווידעראַמאָל פון אַן אַנדער זייט האָט זי אַ פּאָר מאָל אויפגעיובלט: „מען מוז זיך באַוועגן", האָט זי פריילעך אויסגערופן. „אויב מען וויל לעבן זיכער און זיין זאַט, מוז מען זיך באַוועגן".

אַ שטילער שאָרך צווישן די גראָז-שטענגלעך האָט באַמבין דערשראָקן. ער האָט זיך אומגעקוקט. דאָרט אונטן האָט עפּעס רויטס אַ שימער געטון און פאַרשוווּנדן אין טשערעט. גלייכצייטיק האָט אים אַ שלאָג געטון אין דער נאָז אַ וואַרימער, שאַרפער ריח. דאָרטן האָט זיך געשלייכט דער פוקס. באַמבי האָט געוואָלט אָנהויבן רופן, קלאַפּן מיט די פיס און וואָרענען, ערשט — אַ שפּרונג האָט פונאַנדערגערוקט דעם טשערעט. דאָס וואַסער האָט אַ פּליוכע געטון, און אַן ענטל האָט פאַרצווייפלט אויסגעשריגן. באַמבי האָט געהערט אַ פליגל-גערויש, האָט באַמערקט, ווי אויפן גרינס האָט אויפגעשימערט

זיין ווייס לייב, און באַלד האָט ער דערזען, ווי זיינע פליגל האָבן מיט אַ הילכיקער פּאַטשעריי געשמיסן דעם פוקס איבער די באַקן. דערנאָך איז געוואָרן שטיל.

גלייך נאָכדעם איז דער פוקס אַדורך, און געהאַלטן דאָס ענטל אין מויל. זיין האַלדז איז שוואַך אַראָפּגעהאָנגען, זיינע פליגלען האָבן זיך נאָך אַביסעלע גערירט, נאָר דעם פוקס האָט דאָס נישט געאַרט. מיט שפּאָטיש-שטעכיקע אויגן האָט ער פון דער זייט אָנגעקוקט באַמבין, און איז פאַמעלעך אַוועק אין וואַלד.

באַמבי איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט.

אַ פּאָר פון די עלטערע ענטלעך האָבן פּאַטשנדיק מיט די פליגלען אויפגעהויבן זיך און זענען אין שרעק אַוועקגעפלויגן. די רערהון האָט מיט שאַרפע, שניידנדיקע רופן גע־וואָרנט אויף אַלע זייטן. די בלויפויגלען אין די קוסטעס האָבן אויפגערעגט געצוויטשערט, די יונגע ענטלעך האָבן זיך פאַרשלאָגן אין טשערעט און פאַריתומט געקלאָגט אין דער שטיל.

דער אייזפויגל האָט דורכגעצוקט לענג-אויס דעם ברעג.

„זייט אַזוי גוט!", האָבן גערופן די יונגע ענטעלעך, „אפשר האָט איר אונדזער מוטער געזען?"

„טשירי-אי-הי!", האָט אַ טשירליקע געטון דער אייז־פויגל און פאַרבייגעפינקלט, „וואָס גייט איר מיך אָן!"

באַמבי האָט זיך אָפּגעקערט און איז אַוועק. ער האָט געוואַנדערט דורך אַ געדיכטער ווילדערניש פון גאָלדריטלעך, איז אַדורך אַ פליין מיט הויכע בוקן, האָט דורכגעקווערט אַלטע נוס-קוסטעס, ביז ער איז געקומען צום גרויסן גראָבן. דאָ איז ער אַרומגעלאָפן אַהין און צוריק, מיט דער האָפענונג צו טרעפן דעם אַלטן. זייער לאַנג שוין, זינט גאָבאָס טויט, האָט ער אים נישט געזען.

באַלד האָט ער אים טאַקע דערזען פון ווייטן און איז אים געלאָפן אַנטקעגן.

שווייגנדיק זענען זיי אַ ווײַלע געגאַנגען איינער לעבן

אַנדערן. דערנאָך האָט דער אַלטער געפרעגט: „נו... זיי רעדן נאָך אַ סך וועגן אים?"

באַמבי האָט פאַרשטאַנען, וואָס דער אַלטער מיינט, און האָט געענטפערט: „איך ווייס דאָס נישט... איך בין איצטער כמעט שטענדיק אַליין..." ער האָט זיך געקווענקלט: „נאָר... איך מוז וועגן אים זייער פיל טראַכטן".

„אַזוי!", האָט דער אַלטער געזאָגט. „ביסטו איצטער אַליין?"

„יאָ", האָט באַמבי געענטפערט דערוואַרטונגספול. נאָר דער אַלטער האָט געשוויגן.

זיי זענען ווייטער געגאַנגען. פלוצלינג איז דער אַלטער שטיין געבליבן. „הערסט גאָרנישט?"

באַמבי האָט זיך צוגעהערט. ניין, ער הערט גאָרנישט.

„קום!", האָט דער אַלטער אַ רוף געטון און געאיילט פאָרויס. באַמבי איז אים נאָכגעגאַנגען.

ווידער איז דער אַלטער שטיין געבליבן: „הערסט נאָך אַלץ נישט?"

איצטער האָט באַמבי פאַרנומען אַן אומקלאָרן גערויש, וואָס ער האָט אים נישט באַגריפן. עס איז געווען, ווי מען וואָלט ראַשיק אַרונטערגעבויגן צווייגן, און זיי וואָלטן ווידער-שפּעניק צוריקגעהויבן זיך. דערביי האָט עפּעס נישט רעגל-מעסיק און טעמפּ געהאַקט אין באָדן.

באַמבין האָט זיך געגלוסט צו מאַכן פליטה.

„קום!", האָט דער אַלטער גערופן, און געלאָפן אין דער ריכטונג פון גערויש. באַמבי לעבן אים האָט געוואַגט צו פרעגן: „איז דאָרטן גאָר קיין געפאַר נישט?"

„אדרבא", האָט דער אַלטער געענטפערט מיט זאָרג, „דאָרטן איז אַ גרויסע געפאַר!"

באַלד האָבן זיי דערזען, ווי אַ בינט צווייגן שאָקלען זיך שטורמיש, פון אונטן האָט מען זיי געריסן און געטרייסלט. זיי זענען צוגעקומען, און האָבן דערזען אינמיטן, צווישן די געדיכטע קוסטעס, אַ קליין געסל.

אויפֿן באָדן איז געלעגן פֿריינד האָז; ער האָט זיך גע־וואָרפֿן און געשליידערט, געצאַפּלט זיך, געלעגן אַ ווײַלע שטיל, ווידער געצאַפּלט זיך, און יעדע באַוועגונג זײַנע האָט געטרייסלט די צווייגן, וואָס איבער אים.

באַמבי האָט באַמערקט עפּעס אַ טונקעלן פּאַס, ענלעך צו אַ דין ריטל. ער איז געווען שטײַף און אָנגעצויגן און האָט געפֿירט פֿון איינעם אַ צווייג צו פֿריינד האָזס האַלדז און געווען אַרום אים אַרומגעוויקלט.

אַפּנים, פֿריינד האָז האָט דערהערט, אַז עמיצער קומט. ער האָט משוגע־ווילד גענומען וואַרפֿן זיך אין דער הויך און איז געפֿאַלן צו דער ערד, געוואָלט לויפֿן, אַ געפּענטע־טער געקוילערט זיך אין גראָז, און זיך געצאַפּלט.

„בלײַב דאָך שטיל!", האָט אים דער אַלטער באַפֿוילן, און רחמנותדיק, מיט אַ ווייכער שטים, וואָס האָט באַמבין פֿאַרנומען ביים האַרץ, האָט ער איבערגעחזרט גאָר נאָענט לעבן פֿריינד האָז: „זײַ רואיק, פֿריינד האָז, דאָס בין איך! באַוועג זיך איצטער נישט. בלײַב ליגן גאָר שטיל".

באַוועגונגסלאָז איז דער האָז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד. זײַן פֿאַרשטיקטער אָטעם האָט זיך געריסן פֿון האַלדז מיט אַ שטילן כאָרכל.

דער אַלטער האָט גענומען דעם צווייג צווישן די ליפּן, האָט אים אַראָפּגעבויגן, איז מיט פֿיל קונסט אויף אים אַרויפֿ־געטראָטן און מיט זײַן האַרטן קלאָ אים פֿעסט צוגעדריקט צו דער ערד, און האָט אים מיט איין איינציקן זעץ פֿון זײַן קרוין צעשפּאָלטן אויף צווייען.

דערנאָך האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן צום האָז: „האַלט זיך רואיק, אויב דיר וועט אפֿילו וויי טון".

ער האָט אײַנגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ זײַט, און איין קרוין־האָרן האָט ער אָנגעלייגט ביים האָז אויפֿן קאַרק און אים אײַנגעדריקט פֿעסט אין פֿעל, הינטער די אויערן, און גענומען באַוועגן מיטן קאָפּ. דער האָז האָט זיך אָנגעהויבן קאָרטשען פֿון ווייטיק.

דער אַלטער האָט תּיכּף אויפגעהערט. „רואיק!", האָט ער באַפוילן, „עס גייט אין לעבן". ער האָט אָנגעהויבן פּונ־דאָסניי. דער האָז איז שטיל געלעגן און געכריפּעט. באַמבי איז געשטאַנען דערלעבן, אָן לשון פון שטוינען.

איצטער האָט דעם אַלטנס האָרן, פעסט אײַנגעדריקט אינם האָזס פעלץ, דערגרייכט ביז אונטער דער פּעטליע. דער אַלטער האָט כּמעט ווי געקניט, געדרייט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געבויערט, געשטופּט דעם האָרן־שפּיץ אַלץ טיפער און טיפער אין דער פּעטליע, ביז זי האָט ענדלעך נאָכגעגעבן און געוואָרן לויז.

דער האָז האָט געקריגן לופט, און דאָ ערשט האָט אַרויסגעפּלאַצט זיין טויט־שרעק און זיינע שמערצן. „ע... ע... עה!", האָט ער געקלאָגט און געיאָמערט.

דער אַלטער האָט אים איינגעשטילט. „שווייג", האָט ער מילד געפּאָדערט, „אָבער שווייג!" זיין מויל איז געלעגן האַרט ביים האָזס אַקסלען, זיין קרוין האָט מיט איין האָרן געשטאַרצט צווישן האָזס לאַנגע אויערן, און עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אים דערשטאָכן.

„ווי קאָנסטו דאָס אזא נאַר זיין און איצטער יווינען", האָט דער אַלטער געוואָרטשעט, אָבער אָן כּעס. „ווילסט דעם פוקס אויף זיך אָנבּרענגען? יאָ אפשר? איז גענוג. זיי רואיק".

ער האָט געאַרבעט ווייטער, לאַנגזאַם, פּאָרזיכטיק, אָנגע־שטרענגט. פּלוצלינג האָט די פּעטליע זיך אָן עפּן אויף געטון. דער האָז האָט זיך אַרויסגעגליטשט און איז געוואָרן פריי. אין ערשטן אויגנבליק האָט ער דאָס נישט געקאָנט באַגרייפן. ער האָט געמאַכט אַ שריט און איז באַטויבט געבליבן זיצן. דער־נאָך האָט ער אַוועקגעהאָפּסט. צוערשט לאַנגזאַם, ציטעריק, דערנאָך אַלץ שנעלער און שנעלער. צום סוף איז ער שוין געלאָפן מיט ווילדע שפּרונגען.

באַמבי האָט אים נאָכגעקוקט: „גאָר אָן אַ דאַנק!", האָט ער, אַ פאַרבליפטער, אויסגערופן.

„ער איז נאָך נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען", האָט אים דער אַלטער פאַרענטפערט.

די רונדיקע פעטליע איז געלעגן אויף דער ערד. באַמבי האָט זי אָנגערירט. זי האָט אַ קלימפּער געטון, און באַמבי האָט זיך דערשראָקן. עס איז געווען אַ קלאַנג, וועלכער האָט נישט געהערט צום וואַלד.

„ע ר...?", האָט באַמבי שטיל געפרעגט.

דער אַלטער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

זיי זענען שטיל געגאַנגען ווייטער איינער לעבן אַנדערן.

„האָב אין זינען", האָט געזאָגט דער אַלטער, „אויב דו גייסט אויף אַ גאַס, דאַרפסטו פּרווון די צווייגן, — זאָלסט אויסשטרעקן פאָרויס די קרוין, אַרויף און אַראָפּ, און אויב דו דערהערסט אָט אַזאַ קלימפּער, זאָלסטו תיכּף זיך אומקערן. און אין אַ צייט, ווען דו טראָגסט נישט קיין קרוין, דאַרפסטו טאָפּלט אַכטונג געבן. שוין זייער לאַנג, אַז איך גיי נישט מיט גאַסן..."

באַמבי איז געווען אויפגערעגט און פאַרזונקען אין מחשבות.

„ע ר איז נישטאָ...", האָט ער, אַ שטאַרק דערשטוינטער, אַרויסגעפּליסטערט.

דער אַלטער האָט געענטפערט: „ניין... איצטער איז ע ר נישט אין וואַלד..."

„און פונדעסטוועגן ע ר...?" באַמבי האָט פאַרוואונדערט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

דער אַלטער האָט ווייטער גערעדט, און זיין שטים איז פול געווען מיט ביטערקייט: „ווי האָט דאָס אייער גאָבאָ געזאָגט...? האָט ער אייך נישט איינגערעדט, אַז ע ר איז אַלמעכטיק און אַלגענעדיק...?"

באַמבי האָט געפּליסטערט: „איז ע ר דען נישט אַלמעכטיק?"

„פונקט אַזוי, ווי ע ר איז אַלגענעדיק", האָט דער אַלטער געזאָגט מיט פינצטערן צאָרן.

אַ פֿאַרזאָרגטער, האָט באַמבי באַמערקט: „צו אים... צו גאָבאָן איז ער דאָך פֿריינדלעך געווען...״

דער אַלטער איז שטיין געבליבן: „גלויבסטו אין דעם, באַמבי?״, האָט ער טרויעריק געפֿרעגט. צום ערשטן מאָל האָט ער אָנגערופֿן באַמבין ביים נאָמען.

„איך ווייס דאָס נישט״, האָט באַמבי אויסגערופֿן אַ צעפּייניקטער. „איך פֿאַרשטיי דאָס נישט״.

דער אַלטער האָט לאַנגזאַם געזאָגט: „מען מוז לערנען דאָס לעבן... און זיין אויף דער וואַך״.

עס איז געקומען אַ טאָג, װעלכער האָט אויף באַמבין אומגליק געבראַכט.

די בלאַסע גרויקייט פון פאַר באַגינען האָט אַרײַנגעשלײַכט אין װאַלד. פון דער לאָנקע האָט זיך געהויבן אַ מילכװײַסער נעפּל, און אַרום איז געװען אויסגעשפּרייט יענע שטילקייט, מיט װעלכער עס אָטעמט דער איבערגאַנג צום טאָג. די קראָען און די סאָראָקעס האָבן זיך נאָך נישט אויפגעװעקט, דער אײַכלראָב איז נאָך אויך געשלאָפן.

אין אָט דער נאַכט האָט באַמבי באַגעגנט פאַלינען. זי האָט אים אַן אומעטיקע אָנגעקוקט, און איז געװען זייער מוטלאָז.

„איך בין אַזוי אַליין", האָט זי שטיל געזאָגט.

„איך בין אויך אַליין", האָט באַמבי לאַנגזאַם געענטפערט.

„פאַרװאָס בלײַבסטו נישט מער מיט מיר?", האָט פאַלינע הכנעהדיק געפרעגט, און אים האָט װיי געטון, װאָס די דרייסטע, מונטערע פאַלינע איז געװאָרן אַזוי ערנסט און נידערגעשלאָגן.

איך מוז זיין אַליין", האָט ער געענטפערט. נאָר װימילד ער האָט דאָס נישט געװאָלט זאָגן, האָט עס פאָרט געקלונגען האַרט. ער האָט דאָס אַליין געפילט.

פאַלינע האָט אים אָנגעקוקט און אַ פרעג געטון זייער שטיל: „האָסטו מיך נאָך ליב?"

באַמבי האָט פונקט אַזוי שטיל געענטפערט: „איך װייס נישט".

דאַן איז זי פון אים שטיל אַװעקגעגאַנגען, און ער איז פאַרבליבן אַליין.

ער איז געשטאַנען אונטערן גרויסן דעמב, ביים ראַנד פון דער לאָנקע, האָט פאַרשנדיק אַרויסגעקוקט אין דער װײַט, און געטרונקען דעם פרימאָרגן־װינט, װאָס איז ריין געװען פון יעטװעדן ריח, נאָר דערפרישנדיק געשמעקט מיט ערד, מיט טוי, מיט גראָז און נאַסן האָלץ. באַמבי האָט טיף געאָטעמט. אים איז פּלוצלינג װונדערלעך פריי געװאָרן אויפן געמיט, װי־

ער האָט שוין זינט לאַנג נישט געפּילט. און ער איז, אַ היי־טערער, אַרויס אויף דער פאַרנעפּלטער לאָנקע.

מיטאַמאָל האָט אַ קנאַל געטון אַ דונער.

באַמבי האָט דערפילט אַ שרעקלעכן שטויס, וואָס האָט אים ווי אַ וויג געטון.

ווילד פאַר שרעק, איז ער צוריק אַריינגעשפּרונגען אין וואַלד און געלאָפן ווייטער. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען, ער האָט נישט געקאָנט צונויפנעמען די געדאַנקען, ער איז נאָר געלאָפן און געלאָפן. בעת ער האָט אַזוי בלינד געשטורעמט אַלץ ווייטער און ווייטער, האָט די שרעק אַזוי באַהערשט זיין האַרץ, אַז אים האָט פאַרפעלט אָטעם. נאָר מיט־אַמאָל האָט אים דורכגעצוקט אַזאַ שרעקלעכער ווייטיק, אַז ער האָט געמיינט, ער וועט עס נישט אַריבערטראָגן. ער האָט גע־פילט, אַז אַ פייער לויפט איבער זיין לינקער זייט, — אַ דינער, ברענענדיקער פאָדעם, וואָס קומט פון דאָרטן, ווו דער ווייטיק האָט אים געשטאָכן. באַמבי האָט געמוזט איינהאַלטן דאָס לויפן. עס האָט אים געצווונגען צו שפּרייזן לאַנגזאַמער. דאַן האָט ער דערפילט אַ געליימטקייט אין קרייץ און אין די פיס, און ער איז אומגעפאַלן.

עס איז געווען אַ דערקוויקונג, אַזוי צו ליגן און רוען.

„אויפשטיין! באַמבי! אויפשטיין!" דער אַלטער איז גע־שטאַנען לעבן אים און האָט אים לייכט געשטויסן אין אַקסל.

באַמבי האָט געוואָלט זאָגן: „איך קאָן נישט", נאָר דער אַלטער האָט איבערגעחזרט: „אויפשטיין, אויפשטיין!" און אין זיין שטים איז געווען אַזויפיל דראַנג און צאַרטקייט, אַז באַמבי האָט געשוויגן. אויך דער ווייטיק, וואָס האָט אים געבריט, האָט זיך אויף אַ ווײַלע געשטילט.

איצטער האָט דער אַלטער געזאָגט מיט האַסט און אַנגסט: „שטיי אויף! דו מוזסט פון דאַנען אַוועקגיין, מיין קינד!" מיין קינד... ווי אָט דאָס וואָרט וואָלט אים אויפגעריסן: באַמבי איז געשטאַנען אויף די פיס.

„אַזוי!", האָט דער אַלטער געזאָגט, און טיף געאָטעמט:
„איצטער קום מיט מיר... נאָר כּסדר מיט מיר...!"

ער איז איילּיק געגאַנגען פאָרויס. באַמבּי איז אים נאָכגעגאַנגען. נאָר אים האָט שרעקלעך געצויגן אויסצוציען זיך אויפן באָדן, ליגן שטיל און רוען.

דער אַלטער האָט דאָס מסתּמא פאַרשטאַנען, און ער האָט אָן אויפהער גערעדט צו באַמבּין: „איצטער מוסטו יעדן ווייטיק אַריבערטראָגן, איצטער טאָרסטו נישט טראַכטן וועגן לייגן זיך... טאָרסט אפילו אַזאַ געדאַנק נישט צולאָזן, ווייל דאָס אַליין פאַרמאַטערט דיך! איצטער מוסטו זיך ראַטעווען... פאַרשטייסטו מיך, באַמבּי!.. ראַטעווען זיך... אויב נישט — ביסטו פאַרלוירן... טראַכט נאָר וועגן דעם, אַז ער איז הינטער דיר... פאַרשטייסטו מיך, באַמבּי?.. און ער מאָרדעט אָן רחמנות... קום דורך דאַנען... אַזוי, נאָר כּסדר אָט דאָ אַרום... עס וועט שוין זיין גוט... עס וועט זיכער זיין גוט..."

באַמבּי האָט שוין מער קיין כּוח נישט געהאַט צו טראַכטן. ביי יעדן טריט האָט אים געבריט דער ווייטיק און געריבט זיין אָטעם און פאַרשטאַנד, און דער הייסער פאַס, וואָס האָט געשרפהט די זייט, האָט אָנגעצונדן אַ שווערן, שיכּורן חלום אין האַרצן.

דער אַלטער איז געגאַנגען רונד אַרום. אין אַ ווייטן קרייז. ווי דורך אַ שלייער פון ווייטיק און שוואַכקייט האָט באַמבּי מיט פאַרוווּנדערונג באַנומען, אַז זיי גייען ווידעראַמאָל פאַרביי דעם גרויסן דעמב.

דאָ איז דער אַלטער שטיין געבליבן און גענומען אַרום־שמעקן דעם באָדן.

„דאָ!", האָט געשעפּטשעט, „דאָ... ער... און אָט דאָ... דער הונט... איצטער קום... שנעלער!"

זיי זענען געלאָפן.

פּלוצלינג איז דער אַלטער שטיין געבליבן.

„זעסטו...!", האָט ער אויסגערופן, „אָט דאָ אַ ביסטו געלעגן..."

באַמבי האָט געזען דאָס צעקנייטשטע גראָז און אַ ברייטע קאַלוזשע פון זיין אייגן בלוט, וואָס האָט זיך צוביסלעך איינגעזאַפּט אין דער ערד.

דער אַלטער האָט לאַנגזאַם אַרומגעשמעקט דאָס אָרט. „זיי זענען דאָ שוין געווען... ער און דער הונט...", האָט ער געזאָגט, „איצטער קום!" ער איז לאַנגזאַם געגאַנגען פאָרויס און דערביי כסדר געשמעקט די שפּורן.

באַמבי האָט געזען, ווי עס פינקלען רויטע טראָפּנס אויף די שטרויכן-בלעטער און אויף די גראָז-שטענגלעך. „דאָ זענען מיר שוין געגאַנגען", האָט ער געטראַכט, נאָר ער האָט נישט געקאָנט רעדן.

„אַזוי!", האָט דער אַלטער געזאָגט כמעט ווי פרייליך, „איצטער זענען מיר הינטער זיי..."

נאָך אַ ווײַלע איז ער געגאַנגען מיט דער זעלבער שפּור, דערנאָך האָט ער אומבאַמערקט געמאַכט אַ פּעטליע, און אָנגעהויבן אַ נייעם קרייז. באַמבי איז, וואַקלענדיק זיך, אים נאָכגעגאַנגען.

אַ צווייט מאָל, נאָר פון דער פאַרקערטער ריכטונג, זענען זיי געקומען צום דעמב, אַ צווייט מאָל זענען זיי געקומען צום אָרט, וווּ באַמבי איז געווען אַנידערגעפאַלן. דעמאָלט האָט דער אַלטער ווידער געווענדעט זיך אין אַן אַנדער ריכטונג.

„עס!", האָט ער באַפוילן, און איז שטיין געבליבן, אָפּגעשאַרט אָן אַ זייט דאָס גראָז און אָנגעוויזן אויף עטלעכע געציילטע קורצע, טונקל-גרינע, פעטע און פוכיקע בלעטער, וואָס זענען געוואַקסן ביים סאַמע באָדן.

באַמבי האָט געפאָלגט. עס איז געווען שרעקלעך ביטער און האָט אַרויסגעגעבן אַן אָפּשטויסנדיקן ריח.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער אַלטער געפרעגט: „ווי פילסטו זיך?"

„בעסער", האָט באַמבי שנעל געענטפערט. צו אים האָט

זיך פּלוצלינג צוריקגעקערט די פּעאיקייט צו רעדן, זיין גע־דאנק איז געוואָרן קלאָר, זיין מידקייט — געלינדערט.

ווידער אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער אַלטער באַפוילן: „גיי דו אַמאָל פאָרויס". און נאָכדעם, ווי ער איז אַ היפּשע צייט געגאַנגען הינטער באַמביין, האָט ער פּלוצלינג אַ זאָג געטון: „ענדלעך". זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. „דיין בלוט איז געשטילט", האָט דער אַלטער געזאָגט, „עס רינט מער נישט פון דיין וווּנד, עס טריפט מער נישט פון דיינע אָדערן, און עס וועט שוין מער דיך נישט קאָנען אויסגעבן... עס וועט שוין מער נישט ווייזן א י ם און ז יי ן הונט דעם וועג צו דיין לעבן".

דער אַלטער האָט אויסגעזען אָנגעשטרענגט און פאַר־מאַטערט, אָבער אין זיין שטים האָט געקלונגען הייטערקייט. „איצטער קום", האָט ער פאָרגעזעצט, „איצטער וועסטו קאָנען זיך אָפּרוען".

זיי זענען געקומען צום ברייטן גראָבן, וואָס באַמבי האָט אים נאָך קיינמאָל נישט אַריבערגעטראָטן. דער אַלטער האָט אַראָפּגענידערט אין גראָבן, און באַמבי האָט אים נאָכגעפאָלגט. אָבער עס האָט אים גרויס מי געקאָסט דאָס אַרויפקלעטערן אויף דער אַנדערער זייט. דער ווייטיק האָט זיך איבעראַנייס געשטאַרקט און אים געפּייניקט. באַמבי האָט זיך געשטרויכלט, איז אויפגעשפּרונגען, ווידער געשטרויכלט זיך, און שווער געאָטעמט.

„איך קאָן דיר נישט העלפן", האָט געזאָגט דער אַלטער, „דו מוסט אַרויף!" און באַמבי איז אַרויף ביז אויבן. ער האָט ווידער דערשפּירט דעם הייסן שטראָם אין דער זייט, און האָט ווידער דערפילט, אַז ער פאַרלירט די כּוחות.

„דו בלוטיקסט ווידער", האָט געזאָגט דער אַלטער. „דאָס האָב איך דערוואַרט. אָבער דאָס איז נאָר אַביסעלע... און..." ער האָט שעפּטשנדיק צוגעגעבן: „איצטער איז דאָס שוין קיין אומגליק נישט".

זיי זענען געגאַנגען לאַנגזאַם אונטער די געוועלבן פון הימל־הויכע בוקן. דער באָדן איז געווען ווייך און גלאַט, און

דאָס גיין האָט נישט געפאָדערט קיין אָנשטרענגונג. באַמבי האָט ווידער שטאַרק חשק געהאַט זיך דאָ אַנידערצולייגן, אויסציִען זיך און נישט רירן מיט קיין גליד. ווייטער גיין האָט ער נישט געקאָנט. דער קאָפּ האָט אים ווי געטון, אין די אויערן האָט אים געררויִשט, זײַנע נערוון האָבן געצאַפּלט, און עס האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק צו פֿיבערן. ס'איז אים פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער איז אײַנגאַנצן באַהערשט געווען דורכן פֿאַרלאַנג צו רוען און דורך אַ גלײַכגילטיקער שטוינונג, וואָס אַזוי פּלוצלינג איז דאָס לעבן געוואָרן אַזוי צעבראָכן און פֿאַרענדערט. אַמאָל איז ער געזונט געווען... אַזוי פֿריש און מונטער דורכן וואַלד געגאַנגען... ווען איז דאָס געווען? היינט אינדערפֿרי... — נאָך מיט אַ שעה צוריק... אים האָט זיך דאָס דערמאַנט, ווי אַ ווייט גליק פֿון לאַנג פֿאַרגאַנגענע צײַטן.

זיי זענען געגאַנגען דורך אַ נידעריק וועלדל פֿון דעמבעס און האַרטריגל. אַ מעכטיקער צעשפּאָלטענער בוקן-שטאַם איז געלעגן קווער פֿאַר זיי, טיף אײַנגעבעט אין די קוסטעס, און האָט זיי פֿאַרשפּאַרט דעם וועג.

„אָט זענען מיר שוין...", האָט באַמבי געהערט דעם אַלטנס קול. ער איז דורכגעלאָפֿן לענג-אויס דעם שטאַם. באַמבי איז געגאַנגען הינטער אים און איז כּמעט ווי אַרײַנגעפֿאַלן אין דער גרוב, וואָס האָט זיך דאָ געפֿונען.

„אָט אַזוי", האָט דער אַלטער אין יענער רגע געזאָגט, „דאָ מעגסטו ליגן".

באַמבי האָט זיך אײַנגעקאָרשטעט, און מער נישט גערירט זיך.

אונטער דעם בוקן-שטאַם איז די גרוב נאָך טיפֿער געווען און האָט אויסגעבילדעט אַ קלײנע קאַמער. אַרום, פֿון אַלע זײַטן, האָבן זיך געפֿלאָכטן קוסטעס, און ווער עס איז אַהער אַרײַנגעקומען, איז געווען באַשיצט פֿון אַלעמענס בליקן. איז מען געווען דאָ אונטן, איז עס געווען אַלץ איינס ווי פֿאַרשוווּנדן.

„דאָ ביסטו זיכער", האָט געזאָגט דער אַלטער, „זאָ ווּעסטו בלייבן".

עס זענען פאַרגאַנגען טעג.

באַמבי איז געלעגן אין דער וואַרימער ערד, צוגעדעקט מיט דער צעשימלטער קאָרע פונם בוים; ער איז געלעגן און האָט זיך צוגעהאָרכט צו די שמערצן, ווי זיי האָבן זיך געשפרייט איבער זיין קערפּער און זיך געשטאַרקט, דערנאָך אָבער אָפּגעלאָזט און געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. אַ פּאָר מאָל איז ער אַרויסגעקראָכן, איז געשטאַנען שוואַך און שוואַנקענדיק אויף די מידע פיס, און פלעגט מאַכן עטלעכע שטייפע טריט צו זוכן נאַרונג. ער האָט איצטער געגעסן קרייטעכצער, וואָס ער פלעגט אַמאָל אויף זיי קיין שום אַכט נישט לייגן און אפילו נישט באַמערקן. איצטער האָבן זיי מיטאַמאָל גענומען אָנבאָטן זיך, און גערופן מיט זייער דופט און מיט זייער וווּנדערלעך - לאָקנדיקער שאַרפקייט. זאַכן, אויף וועלכע ער פלעגט אַמאָל נישט באַוויליקן אַ קוק צו טון, אָדער ער פלעגט זיי אָוועקוואַרפן, אויב זיי זענען געקומען צווישן די ליפּן, זענען איצטער געווען באַזונדערס ווירציק און באַטעמט. אייניקע קליינע בלעטער, אייניקע קורצע צעוואָרצלטע שטענגלעך האָבן איצטער אויך געהאַט אַ ווידערטעם, און דאָך האָט עפּעס ווי געצוווּנגען זיי צו עסן, און זיין ווונד האָט זיך שנעל געהיילט, און די כּוחות האָבן צוריקגעקערט.

ער איז געזונט געוואָרן. פונדעסטוועגן האָט ער די גרוב נאָך נישט פאַרלאָזן. ביינאַכט פלעגט ער אַרומגיין אין דער נאָענט, און דעם גאַנצן טאָג פלעגט ער ליגן שטיל אויפן געלעגער. ערשט איצטער, ווען זיין קערפּער האָט מער קיין ווייטיקן נישט געפילט, האָט באַמבי נאָכאַמאָל איבערגעלעבט דאָס געשעענע, און אין אים האָט דערוואַכט אַ גרויסע שרעק, אַ טיפע דערשיטערונג איז אַדורך זיין געמיט. ער האָט זיך פון אָט דעם געפיל נישט געקאָנט באַפרייען, און האָט נישט געקאָנט אויפשטיין און אַרומלויפן ווי אַמאָל. ער איז געלעגן, און געווען אָט אַ פאַרציטערטער, אַ שוידערנדיקער, און אָט אַ

פאַרשעמטער אָדער אַ דערשטוינטער, און אָט אַ גערירטער, אַ פאַרטרויערטער אָדער אַ גליקלעכער.

דער אַלטער איז די גאַנצע צייט געווען דאָ דערלעבן. לכתחילה איז ער טאָג ווי נאַכט געווען לעבן באַמבין. איצטער פלעגט ער אים שוין אָפטמאָל איבערלאָזן אַליין, באַזונדערס ווען ער פלעגט מערקן, אַז באַמבי איז פאַרטיפט אין מחשבות. אָבער ער פלעגט שטענדיק זיך אויפהאַלטן גאַנץ נאָענט.

אַן אָוונט איז געקומען — נאָך בליץ און דונער און שלאַקסרעגן — מיט אַ ריינעם, בלוי-געשפּרענקלטן הימל, אַ באַשטראַלטן דורך דער פאַרגייענדיקער זון. אויף די בוימער-שפּיצן אַרום און אַרום האָבן הילכיק געזונגען די דראָסלען, געקנאַקט די פינקען, אין די קוסטעס האָבן געסודעט זיך די בלויפויגלען, און אונטער די שטרויכן אויפן גראָז האָבן מיט אַ גרילץ פון געפּלאַצטן מעטאַל, מיט קורצע רופן געקרייט די פאַזאַנען; דער פּיקהאָלץ האָט הילכיק-טריאומפירנדיק געלאַכט, און די טויבן האָבן געוואָרקעט וועגן זייערע האַרציקסטע ליבע-באַגערן.

באַמבי איז אַרויס פון זיין גרוב. דאָס לעבן איז ווידער שיין געווען.

דער אַלטער איז דאָ געשטאַנען, ווי ער וואָלט אויף דעם געוואַרט.

זיי האָבן באַנאַנד גענומען אַרומוואַנדערן.

אויף יענער זייט גראָבן, צו די זייניקע, איז באַמבי פונדעסטוועגן שוין נישט געגאַנגען.

אין איינער אַ נאַכט, וואָס איז פול געווען מיט פליסטערנ־ דיקן גערויש פון האַרבסטיקן בלעטערפאַל, האָט די שפּערל־ סאָווע מיטאַמאָל אַ שאַרפן געשריי אַרויסגעלאָזט איבער די בוימער־שפּיצן. דערנאָך האָט זי געוואַרט.

נאָר באַמבי האָט זי שוין פון ווייטן געזען דורך די שיטער־געוואָרענע בלעטער אויף די צווייגן, און איז געבליבן שטיל.

די שפּערל־סאָווע איז צוגעפלויגן נענטער און האָט געשריגן נאָך שניידנדיקער. נאָר באַמבי האָט אַלץ געשוויגן.

האָט שוין די שפּערל־סאָווע מער דאָס נישט געקאָנט אויס־ האַלטן. „איר האָט זיך גאָרנישט דערשראָקן?", האָט זי אומ־ צופרידן געפרעגט.

„וואָס הייסט?", האָט באַמבי מילד געענטפערט, „אַביסל זיך דערשראָקן".

„גאָר אַזוי", האָט די סאָווע באַליידיקט געמורמלט, „נאָר אַביסל. אַמאָל פלעגט איר תמיד מוראדיק זיך דערשרעקן. עס איז פּשוט אַ פאַרגעניגן געווען צו זען, ווי איר זענט דערשראָקן, וואָס איז מיט אייך דער מער, וואָס איר זענט איצטער נאָר אַביסעל דערשראָקן..." זי האָט מיט פאַרדרוס אַלץ איבערגעחזרט: „נאָר אַביסל..."

די שפּערל־סאָווע איז שוין געווען אַלט, און איז דערי־ בער געווען נאָך גייציקער און פילבאַרער, ווי אַמאָל.

באַמבי האָט געוואָלט ענטפערן: „איך פלעג אַמאָל אויך נישט שרעקן זיך, איך פלעג נאָר זאָגן אַזוי, בכדי אָנטון אייך אַ נחת־רוח". נאָר ער האָט חרטה געהאַט אויפן געדאַנק צו מאַכן אַזאַ ווידוי: אים האָט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט מצער געווען און דערצערנט די גוטע, אַלטע שפּערל־סאָווע. ער האָט געפּרוווט זי צו באַרואיקן: „אפשר איז דאָס מחמת דעם, וואָס איך האָב גראָד וועגן אייך געטראַכט", האָט ער געזאָגט.

„וואָס?" די שפּערל־סאָווע איז ווידער געוואָרן מונטער. „וואָס? איר האָט וועגן מיר געטראַכט?"

„יאָ", האָט באַמבי, זיך קווענקלענדיק, געענטפערט. „און טאַקע בעת איר האָט אָנגעהויבן צו שרייען. אַנדערש וואָלט איך געוויס דערשראָקן זיך, ווי אַלע מאָל".

„ווירקלעך?", האָט געוואָרקעט די שפּערל-סאָווע.

באַמבי האָט איר נישט געוואָלט אָפּעסן דאָס האַרץ. וועמען אַרט דאָס? זאָל דאָס אַלטע, קליינע לאָבוסל האָבן פאַרגעניגן.

„ווירקלעך", האָט באַמבי באַשטעטיקט, „און איך בין צופרידן... ווייל ווען איך דערהער אייך פּלוצלינג, ציטער איך אויף מיט אַלע מיינע אברים".

די שפּערל-סאָווע האָט אויפגעבלאָזן די פעדערן, און זי איז געוואָרן אַ ווייכער ברוין- און העל-גרויער קנויל, און זי איז געווען גליקלעך. „דאָס איז זייער פיין פון אייך, וואָס איר האָט וועגן מיר געטראַכט... זייער פיין...", האָט זי צאַרט געוואָרקעט. „מיר האָבן לאַנג שוין זיך נישט געזען".

„זייער לאַנג", האָט באַמבי באַשטעטיקט.

„איר גייט שוין, אַפּנים, נישט מער מיט די אַמאָליקע וועגן?", האָט זיך נאָכגעפרעגט די שפּערל-סאָווע.

„ניין..." באַמבי האָט געצויגן די ווערטער, „מיט די אַמאָליקע וועגן גיי איך שוין איצטער נישט".

„איך קום שוין אויך אין נייע מקומות", האָט גאַווהדיק באַמערקט די שפּערל-סאָווע. זי האָט פאַרשוויגן, אַז פון איר אַלטער היימאַט האָט זי פאַריאָגט אַ יינגערע פון איר. „מען טאָר נישט שטענדיק זיצן צוגעשמידט צום זעלבן אָרט", האָט זי צוגעגעבן. און זי האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער.

נאָר באַמבי איז שוין געווען אַוועק. ער האָט שוין, פונקט ווי דער אַלטער, געקענט די קונסט, פּלוצלינג נעלם צו ווערן, אָן אַ ברעקל גערויש.

די שפּערל-סאָווע איז געווען אויפגעבראַכט. „אומפאַר-שעמט...", האָט זי געוואָרטשעט. זי האָט זיך אַ טרייסל געטון, איינגעגראָבן דעם שנאָבל אין דער ברוסט, און פאַר-זיך פילאָזאָפירט: „מען טאָר גאָר נישט גלויבן, אַז מען קאָן

זיין באַפרײנדעט מיט אָט די חשובע לײט, װי ליבעסװירדיק זײ זאָלן נישט זײן... אין אײן שײנעם טאָג װערן זײ אומ- פאַרשעמט... און דעמאָלט בלײבט מען זיצן אַזױ נאַריש, װי איך זיץ דאָ..."

פלוצלינג איז זי, װי אַ שטײן, אַ מאָל געטון צום באָדן. זי האָט דערזען אַ מױז, און יענע האָט נאָר אײן אײנציק מאָל באַװיזן בײם פאַנגען אַ פּישטשע צו טון. די סאָװע האָט באַלד אױף איר אױסגעגאָסן דעם צאָרן און צעריסן זי אױף שטיקער. שנעלער װי געװײנלעך האָט זי אַראָפּגעשלונגען איר קלײנעם ביסן, און איז פון דאָרטן אַװעקגעפלױגן. „װאָס קי- מערט מיך אָט דער באַמבי?", האָט זי געטראַכט. „װאָס קי- מערט מיך בכלל אָט די גאַנצע חשובע געזעלשאַפט? איך דאַרף מיט זײ קײן שום מגע ומשא נישט האָבן". זי האָט אָנגעהױבן צו שרײען. זי האָט געשריגן אַזױ שאַרף און היל- כיק, אַז אַ פּאָר טױבן האָבן זיך אױפגעװעקט און זענען מיט אַ רױשיקער פליגל-פּאַטשערײ אַװעקגעפלױגן פון זײערע שלאָף-פלעצער.

אַסך טעג האָט געבושעוועט דער שטורעם אין וואַלד און אַראָפּגעריסן דעם לעצטן צודעק פון די צווייגן. איצטער זענען די בוימער געשטאַנען נאַקעט.

באַמבי האָט פאַרטאָג זיך צוריקגעקערט אַהיים, אין זיין גרוב, אויף צו לייגן זיך שלאָפן צוזאַמען מיטן אַלטן.

אַ דינע שטים האָט אים אַ רוף געטון, צוויי-דריי מאָל נאָכאַנאַנד. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. די וועווערקע האָט, ווי אַ בליץ, אַראָפּגערוישט פון די צווייגן, און איז געבליבן זיצן פאַר אים אויפן באָדן.

„דאָס זענט איר טאַקע!", האָט זי אַרויסגעפּייפּט מיט ערפורכט און שטוינען. „איך האָב אייך באַלד דערקענט, ווי איר זענט נאָר פאַרבייגעגאַנגען, נאָר איך האָב זיך אַליין נישט געוואָלט גלויבן..."

איר קליין, מונטער געזיכט האָט געהאַט אַן אויסדרוק פון שווערע דאגות. „דער דעמב איז שוין נישטאָ...", האָט זי אָנגעהויבן צו קלאָגן, „מיין שיינער אַלטער דעמב... איר דער־מאָנט אייך? עס איז שרעקלעך... ע ר האָט אים אומגע־וואָרפן".

באַמבי האָט טרויעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אים האָט באמת ווייגעטון דאָס האַרץ אויפן וווּנדערלעכן אַלטן בוים.

„און ווי שנעל דאָס איז צוגעגאַנגען!", האָט די וועווערקע דערציילט. „מיר אַלע, די איינוווינער פון בוים, זענען אַנט־לאָפן און האָבן צוגעקוקט זיך, ווי ער האָט מיט אַ ריזיק־גרויסן בלאַנקענדיקן צאָן דורכגעביסן דעם דעמב. דער פאַר־וווּנדעטער בוים האָט האַרצרייסנדיק געשריגן. ער האָט גע־שריגן, און דער צאָן האָט געשריגן... עס איז געווען אַ גרויל צוצוהערן. דערנאָך איז דער אָרימער, שיינער בוים אומגע־פאַלן. אויף דרויסן, אויף דער לאָנקע... מיר האָבן אַלע געוויינט".

באַמבי האָט געשוויגן.

„יאָ...", האָט אָפּגעזיפצט די וועווערקע, „ער קאָן אַלץ... ער איז אַלמעכטיק..." זי האָט אָנגעקוקט באַמבין מיט גרויסע אויגן און האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, אָבער באַמבי האָט געשוויגן.

„איצטער זענען מיר אַלע אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ", האָט די וועווערקע ווייטער גערעדט. „איך ווייס גאָרנישט, ווי די איבעריקע האָבן זיך אַהינגעטון... איך בין אַהער געקומען. אָבער נאָך אַזאַ בוים וועל איך שוין געוויס נישט געפינען".

„דער אַלטער דעמב...", האָט באַמבי געזאָגט צו זיך אַליין. „פון מיינע ערשטע קינדהייט-טעג האָב איך אים גע-קענט".

„ניין... אָבער דאָס זענט איר דאָך טאַקע!" די ווע-ווערקע איז געווען זייער צופרידן. „אַלע האָבן געמיינט, אַז איר זענט פון לאַנג שוין טויט. כאָטש מען האָט אָפטמאָל דערציילט, אַז איר לעבט נאָך... אָפטמאָל האָט מען פאַרציילט, אַז דער אָדער יענער האָט אייך געזען... נאָר אויף באַשטימט האָט מען גאָרנישט נישט געקאָנט דערגיין, און מען האָט דאָס אַלץ געהאַלטן פאַר פּוסטע באָבע-מעשיות..." די וועווערקע האָט אים פאָרשנדיק אָנגעקוקט. „געוויס אַזוי... ווייל איר זענט דאָך קיינמאָל נישט צוריקגעקומען".

זי איז געזעסן און געוואַרט אויף אַן ענטפער, און מען האָט געקאָנט מערקן איר גרויסן נייגיר.

באַמבי האָט געשוויגן. אָבער אויך אין אים האָט זיך געוועקט אַ שטילער, נאָגנדיקער נייגיר. ער האָט געוואָלט נאָכפרעגן זיך—אויף פאַלינען, אויף מומע ענאַן, אויף ראָנאָן מיט קאַרוסן, אויף אַלע יוגנט-חברים. נאָר ער האָט געשוויגן.

די וועווערקע איז נאָך אַלץ געזעסן אַנטקעגן אים און פאָרשנדיק אים באַטראַכט. „סאַראַ קרוין!", האָט זי אַ פאַרוווּנ-דערטע אויסגערופן, „סאַראַ קרוין! קיינער אינם גאַנצן וואַלד, אויסער דעם אַלטן פירשט, פאַרמאָגט נישט אַזאַ קרוין!"

אַמאָל פלעגט באַמבי זייער אַנטציקט זיין, בעת ער האָט

געהערט אַזאַ קאָמפּלימענט. איצטער האָט ער נאָר אַ מורמל געטון: „אַזוי... מעגלעך".

די וועווערקע האָט ראַש גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ. „אָבער אויף דער וואָר!", האָט זי געשטוינט, „אויף דער וואָר! איר הויבט דאָך שוין אָן גרוי צו ווערן".

באַמבי האָט זיך געלאָזט גיין ווייטער.

די וועווערקע האָט דערזען, אַז דער שמועס איז פאַר־ענדיקט, און זי האָט אַרויפגעקלעטערט אויף די צווייגן: „אַ גוטן טאָג", האָט זי אַראָפּגעשריגן, „זייט געזונט! מיך האָט זייער געפרייט. אַז איך וועל טרעפן עמיצן פון אייערע אַמאָ־ליקע באַקאַנטע, וועל איך דערציילן, אַז איר לעבט... זיי וועלן זיך אַלע שטאַרק פרייען".

באַמבי האָט דאָס געהערט, און האָט ווידער געפילט, ווי עס האָט אים אַ צופּ געטון ביים האַרצן. נאָר ער האָט גאָר־נישט געזאָגט. – מען מוז בלייבן אַליין –, האָט אים דער אַלטער געלערנט, ווען באַמבי איז נאָך אַ קינד געווען. און דער אַלטער האָט פון דעמאָלט אָן ביז צום היינטיקן טאָג אים פיל דערקענטענישן געגעבן און פיל סודות אַנטפּלעקט. נאָר פון אַלע לערעס פון דעם אַלטן איז דאָס וויכטיקסטע געווען: מען מוז בלייבן אַליין. אויב מען וויל זיך אַליין קענען, אויב מען וויל דאָס לעבן פאַרשטיין, אויב מען וויל קלוגשאַפט דעראָבערן, מוז מען זיין אַליין!

„אָבער", האָט באַמבי איינמאָל געפרעגט, „אָבער מיר ביידע זענען דאָך איצטער שטענדיק צוזאַמען..?"

„דאָס איז שוין נישט אויף לאַנג", האָט דער אַלטער אויף דעם געענטפערט.

דאָס איז געווען ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק.

איצטער האָט באַמבי זיך וועגן דעם דערמאָנט, און פּלוצלינג האָט אויפגעטויכט אין זיין זכרון, אַז שוין דאָס ערשטע וואָרט, וואָס ער האָט געהערט פונם אַלטן, דאָס אַלערערשטע וואָרט זיינס, איז געווען וועגן זיין אַליין. דאָס

איז געווען אין יענע טעג, ווען באַמבי איז נאָך א קינד געווען און האָט די מוטער גערופן. דעמאָלט איז דער אַלטער צו אים צוגעקומען און שטרענג געפרעגט: „קאָנסטו דען נישט זיין אַליין ?"

באַמבי איז געגאַנגען ווייטער.

דער וואַלד איז ווידער געלעגן באַדעקט מיט שניי, אַ פּאַר־שטומטער אונטערן גערדיכטן ווייסן מאַנטל. עס האָט זיך געהערט נאָר קראָען־רוף, בלויז ווען־נישט־ווען דער סאָראָקעס זאָרגפולע רופן, און דאָס שטילע, ציטעריקע צוויטשער־געשפּרעך פון די בלויפויגל. דערנאָך איז דער פראָסט געוואָרן האַרטער, און אַלץ איז אַנטשוויגן געוואָרן. איצטער האָט די לופט גע־בוימען אַזש קליינגען פון קעלט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט אַ הינטגעביל צעריסן די טיפע שטילקייט.

דאָס איז געווען אַ כסדרדיק אייליק בילן, וואָס האָט ראַש געטראָגן זיך דורכן וואַלד, געפּרעסט, גרילציק, און זיך אויסגעלאָזט מיט לאַנגע, צעצויגענע טענער.

אין דער גרוב, אונטערן איינגעפאַלענעם בוקן־שטאַם, האָט באַמבי אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעקוקט דעם אַלטן, וואָס איז געלעגן לעבן אים.

„דאָס איז גאָרנישט", האָט דער אַלטער געענטפערט אויף באַמביס בליק, „גאָרנישט אַזעלכעס, וואָס זאָל אונדז אָנגיין".

פונדעסטוועגן האָבן זיי ביידע זיך איינגעהאָרכט.

זיי זענען זיך געלעגן אין זייער גרוב, און דער אַלטער בוקן־שטאַם האָט אויסגעבילדעט ווי אַ דאַך איבער זייערע קעפּ, דער הויכער שניי האָט זיי געשיצט פונם אייזיקן לופט־צוג, און די געפלאָכטענע קוסטעס־צווייגן האָבן, ווי אַ גע־דיכטע זיפּ, פאַרבאָרגן זיי פאַר יעדן אויסשפּירערישן אויג.

דאָס בילן איז צוגעקומען נענטער, צאָרנדיק, כריפּעדיק און צעהיצט. דאָס האָט געמוזט זיין אַ קליין הינטל.

אָט איז עס צוגעקומען נאָך נענטער. איצטער האָבן זיי געהערט אַ טאָפּלט אָטעמען, געהערט דורכן קריגערישן געביל אַ שטילע, ווייטיקפולע וואָרטשעריי. באַמבי איז געוואָרן אומ־רואיק. נאָר דער אַלטער האָט אים ווידער באַרואיקט: „דאָס איז גאָרנישט, עס גייט אונדז נישט אָן".

זיי זענען געבליבן שטיל אין זייער וואַרעמער קאַמער און האָבן אַרויסגעקוקט.

אָט האָט זיך דערהערט צווישן די צווייגן אַ גערויש, וואָס האָט זיך אַלץ מער און מער דערנענטערט, שניי האָט זיך געשאָטן פון די פאַרטשעפּעטע צווייגן, אַ שניי־שטויב האָט זיך געהויבן פון באָדן.

איצטער האָט מען שוין געקאָנט דערקענען, ווער עס גייט אַהער.

דורך שניי און קוסטעס, צווישן צווייגן און וואָרצלען איז געשפּרונגען, געקראָכן און געדרייט זיך דער אַלטער פוקס.

גלייך נאָך אים האָט זיך באַוויזן דער הונט. דאָס איז ריכטיק געווען טאַקע אַ קליינער הונט, אויף קורצע פיס.

דער פוקס האָט געהאַט איין פאָדערשטן פוס אַ צעשמע־טערטן, און האַרט איבער אים צעריסן די פעל. ער איז גע־לאָפן, דעם צעשמעטערטן פוס אויסגעשטרעקט פאָרויס, און פון דער וווּנד האָט געשטראָמט בלוט; זיין אָטעם האָט גע־פייפט, זיינע אויגן זענען געווען ברייט צעעפנט און שטאַר פון גרויל און אָנשטרענגונג. ער איז געווען אויסער זיך פון שרעק און צאָרן, ער איז געווען פאַרצווייפלט און דערשעפּט.

מיטאַמאָל האָט ער זיך געגעבן אַ דריי אום. אין זיין באַוועגונג איז געווען כעס און פאָרוווּרף, און דער הונט איז געבליבן פאַרבליפט, און אפילו אָפּגעטראָטן אַ פּאָר שריט אויף צוריק.

דער פוקס האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס. ער האָט מער לויפן נישט געקאָנט. ער איז, אַ נעבעכדי־קער, געזעסן אַנטקעגן דעם הונט, מיט אַן אויפגעהויבענעם צעשאָסענעם פוס און מיט אַן אָפענעם פּיסק, און געכריפּעט מיט צוקנדיקע לעפצן.

דער הונט האָט אָבער קיין איין רגע נישט געשוויגן. זיין הויכער, קוויטשיקער קול איז איצטער געוואָרן נאָך פולער און טיפער. „ער איז דאָ!“, האָט ער געשריגן, „אָט איז ער! אַהאַ! אַהאַ! אָט איז ער, דאָ! דאָ!“ ער האָט איצטער געבילט נישט אויפן פוקס, ער האָט נישט צו אים גערעדט

איצט, נאָר ער האָט דייטלעך געדופן עמיצן אַנדערש, וואָס איז געווען נאָך גאַנץ ווייט.

באַמבי און דער אַלטער האָבן געוווּסט, אַז ע ר איז דאָס דער יעניקער, וועמען דער הונט רופט.

און אויך דער פוקס האָט עס געוווּסט. פון אים האָט איצטער געשטראָמט בלוט, געפּליצט פון זיין ברוסט אויפן שניי, און האָט אויף דעם ווייסן, אייזיקן צודעק אויסגעבילדעט אַ פייער-רויטן פלעק, וואָס האָט שטיל געדאַמפט.

אַן אָפּגעשוואַכטקייט האָט באַהערשט דעם פוקס. זיין צע-שמעטערטע לאַפּע איז קראַפּטלאָז אַראָפּגעזונקען, אָבער ביי דער באַרירונג מיטן קאַלטן שניי האָט אַ גליענדיקער ווייטיק זי דורכגעשטאָכן. מיט מאַטערניש האָט דער פוקס ווידער זי אויפגעהויבן, און ער האָט זי ציטערנדיק געהאַלטן פאַר זיך אין דער לופט.

„לאָז מיך...", האָט דער פוקס אָנגעהויבן רעדן. ער האָט גערעדט שטיל און מיט תחנונים. ער איז געווען זייער שוואַך און מוטלאָז.

„ניין! ניין! ניין!", האָט דער הונט אים געענטפערט מיט בייזע יעלות.

„איך בעט דיך...", האָט גערעדט דער פוקס. „איך קאָן שוין ווייטער נישט... איך עק זיך שוין... לאָז מיך אָפּ... לאָז מיך אַהיים... לאָז מיך לפּחות רואיק שטאַרבן..."

„ניין! ניין! ניין!", האָט געיאָמערט דער הונט.

דער פוקס האָט אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער בעטן: „מיר זענען דאָך קרובים...", האָט ער געקלאָגט, „כמעט ווי ברידער זענען מיר... לאָז מיך אהיים... לאָז מיך שטאַרבן צווישן מייניקע... מיר... כמעט ברידער זענען מיר... דו און איך..."

„ניין! ניין! ניין!", האָט געליאַרעמט דער הונט.

דאַן האָט דער פוקס זיך אויפגעהויבן און איז געבליבן זיצן גאַנץ אויסגעגלייכט. זיין שיינער, שפּיציקער שנוק האָט אַראָפּגעזונקען אויף דער בלוטנדיקער ברוסט, זיינע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט, און ער האָט געבליקט דעם הונט

גלייך אין פּנים אַריין. מיט גאָר אַ פאַרענדערטער שטים, אַנט־
שלאָסן, טרויעריק און פאַרביטערט האָט ער אַ ברום געטון:
„שעמסט זיך גאָרנישט...? דו פאַרעטער איינער!״

„ניין! ניין! ניין!״, האָט געשריגן דער הונט.

אָבער דער פוקס האָט פאָרגעזעצט: „דו איבערלויפער...
דו אָפּטריניקער!״ זיין צעריסן לייב איז געוואָרן געשפּאַנט
פון האַס און פאַראַכטונג. „דו מסור!״, האָט ער אַרויסגעצי־
שעט, „דו טויגעניכטס איינער!... דו שפּירסט אונדז אויס דאָרטן,
ווו ער קאָן אונדז נישט אויסזוכן... דו פאַרפאָלגסט אונדז
דאָרט, ווו ער קאָן אונדז נישט כאַפּן... דו גיסט אונדז אַרויס...
אונדז, וואָס מיר אַלע זענען דיינע קרובים... מיך, וואָס איך
בין כמעט ווי אַ ברודער דיינער... און דו שטייסט דאָ, און
דו חייסט גאָר פון קיין בושה נישט!״

מיטאַמאָל האָבן פון אַלע זייטן אַרום געגומען אויפ־
הילכן אויך אַנדערע שטימען.

„פאַרעטער!״, האָבן געשריגן די סאָראָקעס פון די
בוימער.

„מסור!״, האָט געסקריפּעט דער אייכלראָב.

„טויגעניכטס!״, האָט געפייפט דער וויזל.

„אָפּטריניקער!״, האָט געכריפּעט דער טכויר.

פון אַלע בוימער, פון אַלע שטרויכן האָט געפּישטשעט,
געצישעט און געוואָרטשעט, און פון דער לופט האָבן די
קראָען געקראַקעט: „מסור!״ אַלע האָבן געאיילט אַהערצו,
אַלע האָבן פון די בוימער אויבן און פון די זיכערע נאָרעס
אין באָדן געלויערט צו זען דעם אויסגאַנג פון שטרייט. דער
צאָרן פונם פוקס האָט פונאַנדערגעבונדן זייער אַלעמענס ביטערע
עמפּערונג, און דאָס אָפּגעצאַפּטע בלוט, וואָס האָט פאַר זייערע
בליקן גערויכערט זיך אויפן שניי, האָט זיי ווילד געמאַכט,
און זיי האָבן גאָר אָן יעדן פּחד פאַרגעסן.

דער הונט האָט זיך אומגעקוקט אויף די אַלע אַרומיקע.
„איר!״, האָט ער געשריגן, „וואָס ווילט איר? וואָס ווייסט
איר? וואָס רעדט איר? אַלע זענט איר ז יי נ ע, ווי איך בין

זיינער! נאָר איך, איך ליב אים, איך פאַרגעטער אים! איך דין אים! איר ווילט אַנטקעגן אים מורד זיין... איר, אָרימע זעליקע, אַנטקעגן אים? ער איז אַלמעכטיק! ער איז איבער אונדז! אַלץ, וואָס איר פאַרמאָגט, איז פון אים! אַלץ וואָס עס וואַקסט און לעבט, איז פון זיין גענאָד!" דער הונט האָט אַזש געציטערט פאַר באַגייסטערונג.

„פאַרעטער!", האָט געקוויטשעט די וועווערקע.

„יאָ!", האָט געצישעט דער פוקס. „פאַרעטער! קיינער נישט, אויסער דיר... דו איינער...!"

דער הונט איז אויפגעשפרונגען פון הייליקער אויפרעגונג. „איך איינער...? דו ליגנער! זענען דען נישט פיל, זייער פיל אַנדערע ביי אים...? דאָס פערד... די קו... דער שעפּס... די הינער... פון אייך אַלעמען, פון אייערע אַלעמענס משפּחות זענען פיל ביי אים און פאַרגעטערן אים... און דינען אים!"

„אַ געמיינע כּנופיא!", האָט אַרויסגעכריפּעט דער פוקס מיט דער טיפסטער פאַראַכטונג.

דאָ האָט דער הונט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און געכאַפּט אים ביים גאָרגל. אַ ווילדער, צאַפּלענדיקער קנויל האָט גענומען קוילערן זיך אין שניי, האָט געוואָיעט, געבבריל, געשפּיגן און געכריפּעט; פון דעם קנויל זענען געפלויגן האָר, שניי־שטויב איז געשטאַנען אין דער לופטן, און בלוט האָט געשפּריצט און געשימערט אויפן אַרומיקן שניי. נאָר דער פוקס האָט נישט געקאָנט לאַנג קעמפן. אַ פּאָר רגעס זענען אַדורך, און ער איז שוין געלעגן אויפן רוקן, געוויזן זיין העלן בויך, אין קראַמפּן אויסגעצויגן זיך און — געשטאָרבן.

דער הונט האָט אַ פּאָר מאָל נאָך אים אַ טרייסל געטון, און דערנאָך אים געלאָזט פאַלן אינם צעגראָבענעם שניי; אַליין האָט ער זיך ברייט אָװעקגעשטעלט און מיט אַ טיפער, פולער שטים ווידער גענומען רופן: „אָט! אָט! אָט איז ער!"

די איבעריקע זענען, אויפגעשוידערטע, פונאַנדערגעפלויגן זיך אין פאַרשידענע זייטן.

„שרעקלעך...", האָט באַמבי אין זיין גרויב שטיל געזאָגט צום אַלטן.

„דאָס שרעקלעכסטע", האָט געענטפערט דער אַלטער, „איז וואָס זיי גלויבן אין דעם, וואָס דער הונט האָט דאָ גערעדט. זיי גלויבן אין דעם און לעבן אין שטענדיקער שרעק, זיי האַסן אים און זיך אַליין... און זיי טויטן זיך צוליב זיין עטוועגן".

דער פראָסט האָט געפּלאַצט, אין מיטן ווינטער האָט זיך געמאַכט וואַרים. מיט גרויסע שלוקן האָט די ערד געטרונקען דעם זיך־שמעלצנדיקן שניי, און אין אייניקע ערטער האָבן זיך באַוויזן ברייטע פּאַסן נאַקעטער באָדן. די דראָסלען האָבן נאָך נישט געזונגען, אָבער ביים אויפהויבן זיך פון באָדן, ווו זיי האָבן געזוכט צו דערוואַרימען זיך, אָדער בעת זיי האָבן געפלאַטערט פון בוים צו בוים, פלעגן זיי אַרויסלאָזן אַ לאַנגן, צעצויגענעם פריילעכן צוויטשער, וואָס איז שוין כמעט ווי געווען געזאַנג. דער פּיקהאָלץ האָט ווו נישט ווו ווידער אָנגעהויבן אַרויסשאַלן מיט זיין געלעכטער, די סאָראָקעס און קראָען זענען געוואָרן באַריידעוודיקער, און די בלויפויגלען האָבן אָנגעהויבן צו פירן פריילעכע שמועסן. בשעת די פאַזאַנען פלעגן איצטער אַראָפּפליען פון זייערע שלאָף־בוימער, האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן אויף איין אָרט כמעט אַזוי לאַנג, ווי אין די גוטע צייטן, זיי פלעגן פוצן אַנטקעגן דער פרימאָרגנזון זייערע פעדערן, און אַרויסקרייען פון צייט צו צייט, מיט קורצע הפסקות, זייער מעטאַליש־אָנגעשפּאָלטענעם רוף.

אין איינעם אַזאַ פרימאָרגן איז באַמבי אַוועק ווייטער, ווי געוויינלעך. אין ערשטער באַגינען־גרויקייט איז ער צוגעקומען צום גראָבן. אַנטקעגן, אויף דער אַנדערער זייט, דאָרטן, ווו ער האָט אַמאָל געלעבט, האָט עפּעס זיך באַוועגט. באַמבי איז געבליבן פאַרבאַהאַלטן אין דער קוסטעס־געדיכטעניש און פון דאָרטן אַרויסגעקוקט. וייכטיק, דאָרטן איז עמיץ פון זיין מין לאַנגזאַם אַרומגעגאַנגען, געזוכט שניי־פרייע ערטער און געצופּט די פרי־אַרויסגעשפּראָצטע גרעזעלעך.

באַמבי האָט שוין געוואָלט גלייכגילטיק זיך אָפּקערן און אַוועקגיין, ערשט — ער האָט דערקענט פאַלינען. זיין ערשטע רעגונג איז געווען אַרויסצושפּרינגען און צו רופן זי. נאָר ער איז געבליבן שטיין, ווי צוגעשמידט. ווי לאַנג האָט ער שוין פאַלינען נישט געזען! זיין האַרץ האָט גענומען הייס קלאַפּן. פאַלינע איז געגאַנגען לאַנגזאַם, ווי זי וואָלט מיד

געוועזן, אָדער טרויעריק. זי איז איצטער ענלעך געווען צו איר מוטער, האָט אויסגעזען אַזוי ווי מומע ענאַ, און באַמבי האָט עס באַמערקט מיט אַ פיינלעכן שטוינען.

פאַלינע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געבליקט אַהער־צו, ווי זי וואָלט געפילט זיין באַנוועזנקייט.

ווידער האָט באַמבין אַ צי געטון אַרויסצוגיין, נאָר ער איז אַלץ געשטאַנען, געליימט פון שוואַכקייט, און נישט געקאָנט באַוועגן זיך.

ער האָט געזען, אַז פאַלינע איז געוואָרן גרוי און אַלט.

די מונטערע, קליינע, דרייסטע פאַלינע — האָט ער גע־טראַכט — ווי שיין און פלינק זי איז געווען! די גאַנצע יוגנט־צייט האָט אין אים פלוצלינג אויפגעשימערט. די לאָנקע, די וועגן, וואָס די מוטער האָט אים אויף זיי געפירט, די לוסטי־קע שטיפערייען מיט גאָבאָן און פאַלינען, דער גוטער היישפרינגער און דאָס פלאַטערל, דער קאַמף מיט קאַרוסן און ראָנאָן, דער קאַמף, אין וועלכן ער האָט פאַלינען דעראָבערט. ער האָט מיטאַמאָל פונדאָסניי זיך דערפילט גליקלעך און גלייכצייטיק דערשיטערט.

פאַלינע האָט אָנגעהויבן אַוועקגיין. זי איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פאַמעלעך, מיד און טרויעריק. באַמבי האָט זי איצטער געליבט מיט אַ צערטלעכן אומעט, וואָס האָט געשטראָמט פון זיין גאַנצן וועזן. ער האָט געוואָלט אַריבער דעם גראָבן, וואָס האָט אַזאַ לאַנגע צייט אים אָפּגעטיילט פון איר און פון די אַלע איבעריקע, ער האָט געוואָלט זי אָפּשטעלן, רעדן מיט איר, שמועסן וועגן דער יוגנט־צייט און וועגן אַלץ, וואָס געוועזן.

אַזוי האָט ער איר נאָכגעקוקט, ווי זי איז ווייטער גע־גאַנגען צווישן די נאַקעטע שטריכן און איז ענדלעך פאַר־שוווּנדן.

אַ צייט נאָך איז ער געשטאַנען און געבליקט צו יע־נער זייט.

עס האָט פּלוצלינג אַ קנאַל געטון אַ דונער. באַמבי האָט אויפגעציטערט.

דאָס איז געווען אָט אָ־דאָ, אויף דער זייט גראָבן. נישט גאָר נאָענט אפילו, אָבער דאָך אָט דאָ, אויף זיין זייט. ווידעראַמאָל האָט געקנאַלט דער דונער, און תּיכּף נאָך אים נאָך איינער.

באַמבי איז מיט אַ פּאָר שפּרונגען געווען טיף אין וואַלד, האָט דאָרטן זיך אָפּגעשטעלט און איינגעהאָרכט זיך: שטיל. פּאָרזיכטיק האָט ער אַוועקגעשלייכט אַהיים.

דער אַלטער איז שוין געווען אינדערהיים, נאָר ער האָט זיך נישט געלייגט; ער איז געשטאַנען לעבן דעם איינגעפאַלענעם בוקן־שטאַם, ווי ער וואָלט געוואַרט.

„פאַרוואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרזאַמט?", האָט דער אַלטער געפרעגט אַזוי ערנסט, אַז באַמבי האָט געשוויגן.

„האָסטו פריער געהערט?", האָט דער אַלטער אין אַ ווײַלע אַרום ווידער געפרעגט.

„יאָ", האָט באַמבי געענטפערט, „דריי מאָל... ע ר איז אין וואַלד".

„געוויס..." דער אַלטער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איבערגעזאָגט מיט אַ באַזונדער באַטאָנונג: „ע ר איז אין וואַלד... מיר מוזן אַהין צוגיין..."

„וווהין?", האָט זיך ביי באַמבין אַרויסגעריסן.

„דאָרטן, אַהינצו", האָט דער אַלטער געזאָגט וואָגיק, „דאָרטן אַהינצו, וווּ ע ר איז איצטער".

באַמבי האָט זיך דערשראָקן.

„שרעק זיך נישט", האָט דער אַלטער ווייטער גערעדט, „קום מיט מיר און האָב קיין מורא נישט. איך בין שטאַרק צופרידן, וואָס איך קאָן דיך אַהין צופירן און עס דיר ווייזן." ער האָט אַ ווײַלע געוואַרט און שטיל צוגעגעבן: „...איידער איך גיי אַוועק".

באַמבי האָט פאַרלעגן אָנגעקוקט דעם אַלטן און האָט ערשט איצטער באַמערקט, ווי חרוב יענער זעט אויס. זיין

קאָפּ איז איצטער געווען אינגאַנצן ווייס, דאָס געזיכט אויסגעמאָגערט, און זיינע שיינע אויגן איז אויסגעלאָשן געוואָרן דער טיפער גלאַנץ, און זיי האָבן אויסגעזען, ווי טונקל פאַרנעפּלט.

באַמבי און דער אַלטער זענען נאָך ווייט נישט אָפּגעגאַנגען, ווי אויף זיי האָט אַ ווייע געטון דער ערשטער הויך פון יענעם שאַרפן ריח, וואָס האָט געהאַט די קראַפט אָנצופילן די הערצער מיט אַזויפיל גרויל און סכנה-געפיל.

באַמבי האָט זיך אָפּגעשטעלט. נאָר דער אַלטער איז געגאַנגען ווייטער, גלייך אַנטקעגן דער דאָזיקן ריח. קווענקלענדיק זיך, איז באַמבי אים נאָכגעגאַנגען.

מיט אַלץ שאַרפערע כוואַליעס האָט זיך געטראָגן דער אויפרייצנדיקער גערוך. אָבער דער אַלטער איז אָן אָפּשטעל געגאַנגען פאָרויס. אַ געדאַנק וועגן לויפן האָט זיך דערוועקט אין באַמבין, דער געדאַנק האָט געצוקט אין דער ברוסט, געזאָטן אין קאָפּ און אין אַלע גלידער און האָט שיער באַמבין נישט מיטגעריסן. מיט אַלע כוחות האָט באַמבי זיך איינגעהאַלטן, און איז געגאַנגען האַרט הינטער דעם אַלטן.

נאָר אָט איז דער פיינדזעליקער ריח אַזוי מעכטיק געוואָרן, אַז ער האָט פאַרשלאָגן אַלע אַנדערע גערוכן, און עס איז שווער געוואָרן צו אָטעמען.

„דאָ!", האָט געזאָגט דער אַלטער און האָט אַ טראָט געטון אין דער זייט.

צווישן די איינגעבראָכענע קוסטעס, אין צעגראָבענעם שניי, איז ע ר געלעגן אויפן באָדן צוויי טריט פון זיי.

באַמבי האָט אַרויסגעלאָזט אַ פאַרשטיקטן פּחד-געשריי, און זיין ברענענדיקער באַגער צו לויפן האָט אים ראַפּטום אַ טראָג געטון. ער איז כמעט ווי משוגע געווען פאַר שרעק.

„שטיי!", האָט ער דערהערט דעם אַלטנס רוף. ער האָט זיך אומגעקערט און דערזען, אַז דער אַלטער שטייט רואיק דאָרטן, וווּ ע ר ליגט אויפן באָדן. געטריבן דורך זיין געהאָרכ-

זאַמקייט-געפיל צום אַלטן, דורך גרענעצלאָזן נייגיר און ציטעריקער דערוואַרטונג, איז באַמבי צוגעקומען נענטער.

„נאָר נענטער... האָב נישט קיין מורא!״, האָט געזאָגט דער אַלטער.

ע ר איז געלעגן, דאָס בלאַסע נאַקעטע געזיכט געווענדעט אויף אַרויף, דער הוט האָט זיך אַביסל אין דער זייט געוואַלגערט אין שניי. באַמבי, וואָס האָט פון קיין הוט נישט געוווּסט, האָט געמיינט, אַז דער שרעקלעכער קאָפּ איז דאָס אויף צוויי שטיקער צעשפּאָלטן.

זיין נאַקעטן האַלדז האָט אַדורכגעבויערט אַ קליינע ווונד, וואָס איז געשטאַנען אָפן, ווי אַ רויט קליין מיילעכל. פון דער ווונד האָט נאָך געטריפט בלוט, פאַרקילט בלוט איז געווען אויף די האָר, אונטער דער נאָז, און אַ קאַלוזשע בלוט האָט מיט איר וואַרימקייט געשמאָלצן דעם אַרומיקן שניי.

„אָט שטייען מיר דאָ״, האָט דער אַלטער שטיל אָנגעפאַנגען... „מיר שטייען האַרט לעבן א י ם... און ווו איז איצטער די געפאַר?״

באַמבי האָט אַראָפּגעקוקט צום ליגנדיקן, וואָס זיין גאַנצע פיגור, אַלע זיינע גלידער זענען געווען פאַר אים גרויל און רעטעניש. ער האָט געקוקט אין זיינע אויסגעלאָשענע אויגן, וואָס זענען געווען בלינד און פאַרשטאַרט, און האָט גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען.

„באַמבי״, האָט דער אַלטער פאָרגעזעצט, „צי דערמאַנסטו זיך, וואָס גאָבאָ האָט געזאָגט, צי דערמאַנסטו זיך, וואָס דער הונט האָט געזאָגט, און אין וואָס זיי אַלע גלויבן? צי דערמאַנסטו זיך?״

באַמבי איז נישט אימשטאַנד געווען צו ענטפערן.

„דו זעסט גוט, באַמבי״, האָט דער אַלטער ווייטער גערעדט, „דו זעסט איצטער, אַז ע ר ליגט דאָ ווי איינער פון אונדז? הער, באַמבי, ער איז נישט אַלמעכטיק, ווי זיי זאָגן. ער איז נישט דער קוואַל פון אַלץ וואָס וואַקסט און לעבט. ע ר איז נישט איבער אונדז! לעבן אונדז איז ע ר, און ע ר

איז אזוי ווי מיר זעלבסט, און פונקט ווי מיר, ווייסט ער פון שרעק, פון נויט און פיין. מען קאָן אים בייקומען פונקט אַזוי ווי אונדז, און דעמאָלט ליגט ער היפלאָז אויפן באָדן, אַזוי ווי מיר אַלע, אָט אַזוי ווי דו זעסט אים איצטער פאַר זיך".

זיי האָבן ביידע געשוויגן.

„צי פאַרשטייסטו מיך, באַמבי?", האָט געפרעגט דער אַלטער.

באַמבי האָט געשעפּטשעט: „יאָ".

דער אַלטער האָט באַפוילן „טאָ רעד!"

באַמבין איז הייס געוואָרן אין האַרצן. ער האָט אומ־דרייסט געזאָגט: „אַן אַנדערער איז איבער אונדז אַלעמען... איבער אונדז און איבער אים".

„אויב אַזוי, קאָן איך גיין", האָט געזאָגט דער אַלטער.

ער האָט זיך אָפּגעקערט, זיי האָבן צוזאַמען געלאָזט זיך וואַנדערן. זיי זענען אַדורכגעגאַנגען אַ גרויסע שטרעקע.

לעבן אַ הויכן עשנבוים האָט דער אַלטער זיך אָפּגע־שטעלט. „גיי מער נישט נאָך מיר, באַמבי", האָט דער אַלטער אָנגעהויבן מיט אַ רואיקער שטימע, „מיין צייט איז אויס. איצטער מוז איך מיר אַן אָרט אויסגעפינען פאַרן סוף".

באַמבי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן.

„ניין", דער אַלטער האָט אים נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. „אין אָט דער שעה, וואָס איר גיי איך איצטער אַנטקעגן, איז יעדערער פון אונדז פאַר זיך. זיי געזונט, מיין זון... איך האָב דיך זייער ליב געהאַט".

דער זומערטאָג האָט זיך שוין פון פרימאָרגן אָן צעגליט, אָן אַ ברעקל ווינטל און אָן פרימאָרגנדיקער פרישקייט. עס האָט זיך געדוכט, אַז די זון איז היינט געקומען איילי-קער, ווי געוויינלעך. זי איז שנעל אַרויפגעשטיגן, און מיט אַ שרעקלעכער בראַנד געשאָסן בלענדנדיקע פלאַמען.

אין איין אויגנבליק האָט אויסגעדאַמפט דער טוי אויף די לאָנקעס און שטרויכן; די ערד איז געוואָרן אינגאַנצן טרוקן, און אירע הרודעס האָבן זיך געקרישלט. אין וואַלד איז פריצייטיק געוואָרן שטיל. מען האָט נאָר געהערט דאָ און דאָרטן דעם פּיקהאָלצס געלעכטער, און נאָר די טויבן האָבן אומדערמידלעך און הייס געוואָרקעט זייערע צערטלעכקייטן.

באַמבי איז געשטאַנען אויף אַ קליינער פאַרבאָרגענער לאָנקע, וואָס האָט אין דער טיפער געדיכטעניש געעפנט אַביסל פרייען רוים.

אַ מחנה מוקן האָט אַרום זיין קאָפּ געטאַנצט און גע-זונגען אַנטקעגן דער זון.

צווישן די נוס-בלעטער, האַרט לעבן באַמבין, האָט עפּעס שטיל געזשומעט. די זשומעריי איז אַלץ געוואָרן נענטער, און אַ גרויסער מאַי-זשוק איז לאַנגזאַם פאַרבייגעפלויגן. ער איז דורכגעפלויגן לעבן דער מחנה מוקן און געהויבן זיך העכער און העכער, ביז צו דעם בוים-שפּיץ, ווו ער האָט געוואָלט ביזן אָוונט שלאָפן. זיינע פליגל-דעקלעך זענען שאַרף און חנעוודיק געווען אויפגעהויבן, און זיינע פליגלען האָבן גע-ברויזט מיט קראַפט. די מוקן-מחנה האָט זיך צעטיילט, בעת דער מאַי-זשוק איז אין איר אַריינגעפלויגן, און האָט נאָך זיין דורכפליען ווידער זיך צונויפגעשלאָסן. דער טונקעלער, ברוינער קערפּער פונם זשוק, אַרומגעשפּינט מיטן פלאַטערנ-דיקן גלאָז-שימער פון די ברויזנדיקע פליגל, האָט נאָכאַמאָל אויפגעלויכטן אויף דער זון, און ער איז פאַרשוווּנדן.

„האָט איר אים געזען?", האָבן די פליגעלעך געפרעגט איינס דאָס אַנדערע.

„דאָס איז דער אַלטער", האָבן געזונגען אייניקע.

און די אַנדערע האָבן געזונגען: „אַלע פון זיין דור זענען שוין טויט, אָבער ער לעבט נאָך. ער איינער".

אַ פּאָר גאָר קליינע מוקן האָבן געפרעגט: „ווי לאַנג קאָן ער דאָס לעבן?"

די איבעריקע האָבן געזונגען צום ענטפער: „דאָס ווייסן מיר נישט. זיין מין לעבט איבערהויפּט לאַנג. כמעט ווי אייביק לעבן זיי... זיי זעען דרייסיק מאָל די זון, אפשר פערציק מאָל... מיר ווייסן דאָס נישט. אויך אונדזער לעבן איז לאַנג... אָבער מיר זעען דעם טאָג איין מאָל אָדער צוויי מאָל..."

„און דער אַלטער?", האָבן די גאָר קליינע ווידער געפרעגט.

„ער האָט אַלע זייניקע איבערגעלעבט... אוראַלט איז ער... אוראַלט... ער האָט מער געזען און מער דערפאַרן אויף דער וועלט, ווי דאָס לאָזט זיך באַגרייפן".

באַמבי איז געגאַנגען ווייטער. אַ מוקנליד, האָט ער געטראַכט, אַ מוקנליד...

ער האָט דערהערט אַ צאַרטן, אַנגסטלעכן רוף.

ער האָט זיך איינגעהאָרכט, און זיך געלאָזט נעענטער, גאָר שטיל, דורך די סאַמע געדיכטע קוסטעס, און אָן אַ ברעקל שאָרן, ווי עס איז זינט לאַנג שוין געווען זיין שטייגער צו גיין.

ווידער האָט ער דערהערט רופן, דרינגענדיקע, בעטנדיקע. שטימען פון זיין אייגענעם מין: „מאַמע!... מאַמע!..."

באַמבי האָט דורכגעשלייכט צווישן די קוסטעס אין דער ריכטונג פון די רופן.

דאָרטן זענען געשטאַנען צוויי יונגע, אין רויטע רעק, ברודער און שוועסטער, פאַרלאָזן און פאַרצאָגט.

„מאַמע!... מאַמע!..."

נאָך איידער זיי האָבן רעכט געוווּסט, וואָס איז געשען, איז פאַר זיי געשטאַנען באַמבי.

אָן לשון האָבן זיי פאַרשטאַרט געקוקט אויף אים.

„אייער מוטער האָט איצטער נישט קיין צייט", האָט באַמבי שטרענג געזאָגט.

ער האָט געקוקט דעם קליינעם אין די אויגן: „קאָנסטו דען נישט זיין אַליין?" דער קליינער און זיין שוועסטער זע־נען געבליבן שטום.

באַמבי האָט זיך אָפּגעקערט, אַריינגעגליטשט זיך אין די נאָענטסטע קוסטעס און איז פאַרשוואונדן, נאָך איידער זיי האָבן געקאָנט קומען צו זיך. ער איז געגאַנגען ווייטער. „דאָס בחורל געפעלט מיר...", האָט ער געטראַכט. „אפשר וועל איך נאָך אים טרעפן אַמאָל, ווען ער וועט גרעסער זיין..."

ער איז געגאַנגען ווייטער. „די קליינע", האָט ער גע־טראַכט, „אויך די קליינע איז פיין... אַזוי האָט פאַלינע אויס־געזען, ווען זי איז אַ קינד געווען".

ער איז געגאַנגען ווייטער און איז פאַרשוואונדן אין וואַלד.